דר. א. מוקדוני

# אָסיף דימאָוו

אין יאָר 1913 איז געקומען אַן אַמעריקאַנער שוישפּילער און אימפּרעסאַריאָ מיט'ן נאָמען באָריס טאָמאַשעווסקי קיין רוסלאַנד און האָט אַוועקגעפירט מיט זיך קיין אַמעריקע אַ ליטעראַרישען אבן־טוב מיט'ן נאָמען אָסיף דימאָוו.

אין אונזערע אויגען איז עס דאַמאָלס אויסגעקומען עפּעס ברוטאַל, וואולגאַר און ציניש. עס האָט געהייסען — עס איז געקומען אַן אַמעריקאַנער טעאַטער־סוחר־ומוכר מיט זשאַמשענע טאָרבעס פול מיט גאָלדענע צען־דאָלאַר־שטיק און האָט פאַרנאַרט קיין אַמעריקע אַ יונגען, בליהענדיגען שריפטשטעלער, אַ שריפטשטעלער מיט אַ גרויסער צוקונפט אין דער רוסישער ליטעראַטור.

און אין רוסלאַנד האָט מען ליב געהאַט שריפטשטעלער, בפרט נאָך אַזאַ פיקאַנטען, אַזאַ שאַרפזיניגען און אַזאַ טאַלאַנטפולען שריפטשטעלער ווי אָסיף דימאָוו.

אין רוסלאַנד איז אַ שריפטשטעלער ניט געווען אַ מענש וואָס שרייבט, אַ שריפטשטעלער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער, אַ מענש, וואָס שטעלט זיך איין פאַר יושר, אַ מענש, וואָס קעמפט געגען דעם וויסטען צאַריזם, געגען רעאַקציע און געגען אָפּגעשטאַנענקייט.

יעדער שריפטשטעלער אין רוסלאַנד איז ווילענדיג, אָדער ניט ווילענדיג געווען אַ קעמפער און ממילא אַ שטיקעל קדוש.

איך געדענק דעם טיפען רושם וואָס עס האָט געמאַכט זיין דראַמע „דער אייביגער וואַנדערער", גראָד ניט איינע פון זיינע בעסטע דראַמען. אָבער עס איז געווען די סאַמע פינצטערע צייט פאַר אידען אין רוסלאַנד: די רעאַקציע האָט געבושעוועט ווילד, און וואו רעאַקציע דאָרט איז אַנטיסעמיטיזם. עס איז דעמאָלט געווען ערב דעם ביילים־פּראָצעס. אידען האָבען געלעבט ממש אין טויטשרעק,

אַט־אַט וועט מען זיי שטעמפּלען ווי קאַניבאַלען, ווי מענשען וואָס טרינקען מענשליך בלוט, און דווקא דאָס בלוט פון יונגע קריסטליכע קינדער.

איז דימאָוו אַרויסגעקומען אין יענער צייט מיט אַ אידישער דראַמע, וואָס שטעלט אַרויס אידישעליידען מיט גרויסען פּאַטאָס. אַ גרויסער רעוואָלוציאָנער אַקט איז עס געווען אין יענער פינצטע־רער צייט.

אָבער דימאָוו איז געווען באַליבט נאָך פאַר זיינע שאַרף־הומאָ־ריסטישע און גוטמוטיגע פעליעטאָנען און מעשה׳לעך. ער איז געווען באַליבט פאַר זיינע קורצע דערציילונגען און בכלל פאַר זיין טאַלאַנט, פאַר זיין יונגען שמייכעל, פאַר זיין יונגען פּאַטאָס און פאַר זיין שאַרפען אָבער האַרציגען הומאָר.

און אַט דעם יונגען דימאָוו האָט צוגענומען אַן אַמעריקאַנער מיט שווערע רינגען אויף די פינגער, מיט אַ שווערער גאָלדענער קייט אויפ׳ן פּעטען בויך און מיט צוויי זשאַמשענע טאָרבעס פול מיט גאָל־דענע אַמעריקאַנער צען־דאָלאַרס.

עפּעס אַ מין קידנעפּינג, עפּעס אַ מין וואולגאַרע פאַרפירעניש און עפּעס אַ מין גראָבע פאַרנאַרערײ איז עס געווען אין אונזערע אויגען.

מיר האָבען פשוט ניט באַנומען די דאָזיגע טשיקאַווע טראַנסאַק־ציע, מיר האָבען פשוט ניט אַנגעטאַפּט דעם זינען אין דעם דאָזיגען מקח־וממכר פאַר ביידע צדדים.

אַקטיאָרן גאַסטראָלירן, דער אַקטיאָר איז בטבע אַ גאַסטראָליאָר. אַ נײַ פובליקום איז פאַר איהם אַן אָבפרישונג, אַ נײַ פובליקום איז פאַר איהם אַ סטימול. אָבער שרייבער זיצען דאָך באַהאַלטען אין די פיער ווענט פון זייער צימער, זיי זעהען כמעט ניט זייער פובליקום. איז צו וואָס אָוועקשלעפּען אַ שרייבער פון רוסלאַנד קיין אַמעריקע ווען מען קען בעקומען דורך פּאָסט זיינע דראַמען אָדער זיינע קאָ־מעדיעס ?

נאָר ווי די מעשה איז, זיינען מיר אָבער אַלע זיכער געווען, אַז אַמעריקע האָט דאָ איינגעהאַנדעלט אַ גוואַלדיגע ליטעראַרישע מציאה. ווער־ווער, דער אידישער טעאַטער אין אַמעריקע, וואָס איז

לחלוטין ניט אַזוי צעפּיעסטעט מיט טאַלאַנטפולע דראַמאַטורגען, איהם איז ממש באַשערט אַ גליק.

דאַ פיהרט מען צו איהם אַ יונגען, אַ שאַפענדיגען, אַ שפּרודל־דיגען און אַ פילזייטיגען סצענישען טאַלאַנט. ער שרייבט פּאָעטישע אידישע דראַמעס, ער שרייבט וואונדערליכע קאָמעדיעס און ער שרייבט אַפילו געשמאַק־ליטעראַריש מעלאָדראַמעס.

און ניי איז ער, פריש און צאַפּעלדיג איז ער, און אָריגינעל איז ער. דימאָוו איז דורכאויס דימאָוויש. קיינער קען איהם ניט נאָכ־מאַכען און ער דאַרף קיינעם ניט נאָכמאַכען. ער איז שפּע'דיג אין טעמעס, עס איז שפּע'דיג אין מאָטיווען, ער איז שפּע'דיג אין פאָרמען און שפּע'דיג אין איינפאַלען.

און אָט מיט די דאָזיגע געפיהלען האָב איך זיך אין וויען, וואו דימאָוו און איך האָבען זיך געטראָפען ביי דער אויפפיהרונג פון זיינער אַ פּיעסע אין העברעאיש לכבוד דעם 13טען ציוניסטישען קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין וויען, און מיט די געפיהלען האָב איך זיך מיט איהם געזעגענט; ער איז אַוועקגעפאָהרען מיט טאָמאַשעווסקי'ן קיין אַמעריקע און איך בין צוריקגעפאָהרען קיין רוסלאַנד.

* * *

צעהן יאָהר זיינען אַריבער.

אין 1923 באַגעגענען מיר זיך אין ניו יאָרק.

אָסיפּ דימאָוו איז, ווי זיין שטייגער, כסדר אויפגעלייגט, ער האָט אַ פילאָזאָפישע בעציהונג צום לעבען, ער נעהמט דאָס לעבען ניט צו ערנסט און דעריבער האָט ער ניט קיין גאַר ביטערע ענטוישונגען. ער נעהמט אָבער אויך ניט דאָס לעבען צו לייכט און דעריבער איז ער קיינמאָל ניט ציניש. דאָס איז די אמת'ע פילאָזאָפישע בעציהונג צום לעבען.

פאַר די צעהן יאָהר האָבען מיר אין רוסלאַנד דורכגעמאַכט אַ ביילים־פּראָצעס, אַ מלחמה מיט'ן צוגאָב פון דעם ערגסטען אַנטיסע־מיטיזם און צוויי רעוואָלוציעס: איינע אַ זיסע, אַ סענטימענטאַלע, און די אַנדערע אַ ביטערע און אַ בייזע.

און מען לערענט עפּעס פון אַזעלכע צעהן יאָהר. זיי קאָרבען זיך אַריין טיף־טיף אין דער נשמה.

און דאָ אין אַמעריקע זעה איך מיט גרויסע אינטערוואַלען דאָ און דאָרט אַן אויפפירונג פון דימאָוו׳ס אַ פּיעסע.

עס איז דער אַסיפ דימאָוו, וואָס איך קען פון רוסלאַנד. אַמעריקע האָט איהם ניט געקענט צעשטויבען, ער איז געבליבען דימאָוו מיט אַלע זיינע וואונדערליכע שרייבערישע חן־פינטעלעך.

און די פּיעסען זיינע, וואָס איך זעה פון צייט צו צייט זיינען ממש פּערעכטיגע. זיינע דראַמען פאַרמאָגען וואונדערלעכן פּאַטאָס, זיי זיינען דאָ און דאָרט אַ ביסעלע דעקלאַמאַטאָריש, אָבער געשמאַק גע־שריבען און מייסטעריש געבויט, און זיינע קאָמעדיעס זיינען ממש פּערעל.

זיין „בראָנקס עקספּרעס״ איז אַ גרויסע אידישע קאָמעדיע; דאָ זעהט מען אין איין פּערזאָן צוויי פּערזאָנען שאַרף און בולט. איהר זעהט דעם אָרימען שניידערעל און איהר זעהט דעם אַרויפגעאַרבייטען שניידערעל. דאָס איז ביז גאָר פּיקאַנט טעכניש, דאָס איז אָבער וואונדערליך אין תוך.

אַן אָרים שניידערעל הלום׳ט אויס פאָהרענדיג אַהיים פון דער אַרבייט מיט׳ן בראָנקס עקספּרעס, דאָס אָלראַיטניקל, וואָס פּיקט זיך אויס פון אַ שניידערעל. איהר האָט דאָס אָרימע שניידערעל איצט און איהר האָט איהם ווי ער וועט אויסזעהן מיט אַ יאָהר צעהן שפּעטער ווען ער וועט ניט זיין קיין שלים־מזל און וועט עפּענען אַ קליין שאַפּ־קעלע און וועט עס פאַרגרעסערען און פאַרגרעסערען ביז ער וועט ווערען אַ צופרידענער, האַרטער אָלראַיטניק.

מיר איז אויסגעקומען צו זעהן „בראָנקס עקספּרעס״ אין אַ קליין און פאַרוואָרפען טעאַטערעל, אָבער מיט שילדקרויט׳ן ווי דעם שניי־דערעל אויפ׳ן וואָר און דאָס אָלראַיטניקל אין חלום.

עס איז געווען די גלענצענדיגסטע אידישע פאָרשטעלונג, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זעהן אין אידישען טעאַטער.

עד היום שטעהט ביי מיר אויפ׳ן שרייב־טיש אַ סטאַטועטקע פון שילדקרויט׳ן אין דער ראָליע פון שניידערעל, געקלעפּט פון סקולפּטאָר אברהם אייזענבערג.

עס זיצט שילדקרויט, דער שניידערעל אין וואַגאָן, די אידישע

ציטונג איז איהם אַרויסגעפֿאַלען פֿון די הענט און ער חלום׳ט זיין זיסען חלום, ווי ער ווערט אַן אַלראַיטניק. ער זיצט מיט׳ן האַרטען קאַפּעליוש און מיט׳ן געשוירענעם בערדל, און זיין פּנים שמייכעלט פֿון דעם זיסען חלום.

איך האָב געזעהן „יאַשקע מוזיקאַנט״, אַן אויפפירונג אַ מאָדערנע, וואָס יוסף בולאָוו האָט אַראָפּגעבראַכט פֿון רומעניע, אַ פֿיינע, שאַרפֿע אויפֿפֿירונג, אַן אויפֿפֿירונג, וואָס גיט אי דאָס רעאַליסטישע און אי דאָס איבעררעאַליסטישע אין דער פּיעסע וואונדערליך בולט.

בולאָוו האָט געשפּילט יאַשקע׳ן דורך און דורך דימאָוויש, פּאַטעטיש און הומאָריסטיש. ביי דימאָוו׳ן איז קיינמאָל ניטאָ קיין סתירה צווישען פּאַטאָס און הומאָר, ווייל זיין הומאָר איז אויך אַ פּאַטעטישער.

דערנאָך האָב איך געזעהן מאָריס שוואַרץ׳ס אויפֿפֿירונג פֿון זיין סאָציאַלער פּיעסע „ברויט״. האָבען זיך דראַמאַטורגען בעדאַרפֿט לערנען ביי דימאָוו׳ן צו שרייבען סאָציאַלע און אַפֿילו טענדענציעזע פּיעסען און ניט אַריינפֿאַלען אין גרויער פּראָפּאַגאַנדע און אין ביליגער אַגיטאַציע.

צופֿעליג האָב איך אויך געזעהן זיינע אַ פּיעסע „שקלאַפֿען פֿון פֿאָלק״, דוכט זיך מיט לודוויג זאַץ אין דער הויפּט־ראָליע. ווידער אַ פּיעסע פֿול מיט פּאַטאָס און מיט פֿאָלקסטימליכער פּשטות.

און שפּעטער קומט מיר אויס צו זעהן זיין אמת מאָדערנע פּיעסע „שטאָט־גייסט״.

אָבער די דאָזיגע אויפֿפֿירונגען זיינען עפּעס צופֿעליגע און אָסיפּ דימאָוו איז אויך עפּעס אַ צופֿעליגער ביים אידישען טעאַטער.

איבערראַשט האָט דאָס מיך ניט, ווייל איך האָב שוין פֿון דער ביטערער דערפֿאַרונג ווי אַ טעאַטער־קריטיקער ביים אידישען טעאַטער, ניט איינמאָל געזעהן ווי דער אידישער טעאַטער וואַרפֿט אַוועק פּערעל, עכטע פּערעל, און בייט זיי אויס כסדר אויף גלעזערנע פּאַטשערקעס.

און דאָס איז ניט געזאָגט נאָר וועגען די שונד־טעאַטערס, דאָס איז דער עיקר׳שט געזאָגט וועגען די אַזוי־גערופֿענע קונסט־טעאַטערס. זיי זיינען נאָך אפשר ציינישער אין דעם פּרט פֿאַר די שונד־טעאַטערס. אָבער ווי די זאַך איז — איך האָב דערזעהן, אַז דער ליטעראַרישער

אבן־טוב, וואָס באַריס טאָמאַשעווסקי האָט אַוועקגעפיהרט פון רוסלאַנד קיין אַמעריקע איז ביי קיינעם פון אידישען טעאַטער קיין אבן־טוב ניט.

אַסיף דימאָוו, האָב איך זיך דערוואוסט, איז געווען אַ שטיקעל סענסאַציע צום אָנהויב, און אַמעריקע פרעסט סענסאַציעס מיט אַ משוגענעם אַפּעטיט — אויפגעפרעסען איין סענסאַציע, מאָנט זי שוין אַנדערע סענסאַציעס און דערנאָך באַלד אָן אַנדערע.

דאָס איז אייגענטליך די טבע פון סענסאַציע. זי רופט אַרויס הונגער נאָך אַן אַנדער סענסאַציע.

און, אַגב, ווי געזאָגט, איז דימאָוו ניט דער איינציגער, וואָס האָט דורכגעמאַכט, אַזוי צו זאָגען, אַ שיף־ברוך ביים אידישען טעאַטער; פאַר דער צייט זיינען אויפגעקומען אַ היבש ביסעל דראַמאַטורגען. עס איז אויפגעקומען ה. לייוויק, ה. סעקלער, חנא גאָטעספעלד, פּ. בימקאָ א. אַ., און אַלע האָבען דורכגעמאַכט דאָס נעמליכע, זיי זיינען געקומען אויף אַ ווײַלע צום אידישען טעאַטער און אַוועק אויף אַלע אייביגקייטען.

דאָס איז שוין, אַזוי צו זאָגען, טראַדיציע ביים אידישען טעאַטער.

איצט, ווען דער אידישער טעאַטער איז חרוב געוואָרען, איז שוין בכלל ניטאָ וואָס צו רעדען וועגען דעם גורל פון אידישען דראַמאַטורג.

איז אַסיף דימאָוו אַוועק פון אַמעריקע, געקומען צוריק און ער, דער טאַלאַנטפולער שריפטשטעלער, טוליעט זיך איצט צו דער אידישער פּרעסע.

פון צייט צו צייט בעקומט דער אידישער לייענער צו לייענען וואונדערליכע עסייען. דימאָוו׳ס עסייען זיינען כסדר פאַרבונדען מיט דער, אָדער יענער פּיקאַנטער פּערזענליכקייט, וואָס ער האָט בעגעגענט אין זיין לעבען, און בעגעגענט האָט דימאָוו אַ וועלט מיט מענשען, ווייל דימאָוו האָט ליב מענשען און מענשען האָבען ליב דימאָוו׳ן.

זיינען זיינע עסייען האַלב־געשמאַקע בעלעטריסטיק און האַלב־ראַפינירטע פּאָליטישע עסייאיסטיק.

דער אידישער לייענער האָט דאָ ניט לאַנג געהאַט די געלעגענהייט צו לייענען אין „פאָרווערטס" זיינע זכרונות. דאָ זיינען געווען גאַנצע גאַלערייען פון מענשען, שוין לאַנג פאַרגעסענע און נאָך ניט־פאַרגעסענע דורכגעגאַנגען פאַר׳ן לייענער; שאַרפע פּאָרטרעטען פון

מענשען און ביזאַרבע געשעהענישען, וואָס האָבען זיך נאָכגעשלעפּט נאָך זיי.

* * *

יאָ, ניט דאָס האָבען מיר דערוואַרט פֿאַר אָסיפּ דימאָוו׳ן אין אַמעריקע.

אָבער דימאָוו איז אַ איד און ער מוז דורכמאַכען אַלע אונזערע אומגליקען, סיי עקאָנאָמיש, סיי קולטורעלע, און סיי קינסטלערישע.

אגב איז דער גורל פֿון אנדערע ניט־אידישע גרויסע שריפֿטשטע־לער פֿאַר די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאָהר ניט בעסער.

די מערכה פֿון דער וועלט איז אַ פֿינצטערע און אַ ביטערע, און אויף אונזער חלק, אויף דעם חלק פֿון אידען, פֿאַלט כסדר אויס דער גרעסטער חלק פֿון דער פֿינצטערער און ביטערער מערכה פֿון דער וועלט.

און דער אידישער קינסטלער איז אַלעמאָל דער ערשטער קרבן אין יעדער וועלט־צרה.

אָבער אָסיפּ דימאָוו נעמט עס, ווי געזאָגט, פֿילאָזאָפֿיש.

ער איז דער שמייכלענדיגער פֿילאָזאָף אין דער ליטעראַטור און ער איז אויך אין לעבען.

איז לאָמיר מיט דימאָוושער אויפֿגעלייגטקייט אַרויסבעגלייטען זיינס אַ בוך אין דער אידישער וועלט אַריין. איך האָף, אַז דער אידישער לייענער וועט אויפֿנעמען זיין בוך מיט פֿרייד און ליבע.

אָסיפּ דימאָוו׳ס אַ בוך פֿאַרדינט כשר אַזאַ אויפֿנאַמע.

ניו יאָרק, דעם 3טען יוני, 1942

# צום לעזער:

דאָס איז אַ ביאַליסטאָקער בוך אַ בוך וועגן ביאַליסטאָק, פון ביאַליסטאָק, דורך ביאַליסטאָק און צו ביאַליסטאָק. די מענטשן וואָס טרעטן דאָ אויף אין די דראַמעס און דערציילונגען זיינען געבוירן געוועזן אין ביאַליסטאָק, האָבן פאַרבראַכט דאָרט זייער לעבן און מסתמא שוין געשטאָרבן אויך דאָרטן — איך האָף — מיט אַ נאַטירלעכן טויט, איידער דער אומנאַטירלעכער טויט דורך די הענט פון דייטשע מערדער איז דאָרט געוואָרן „נאַטירלעך"...

דאָס איז אַ בוך פון מיין יוגנט, דער אָנפאַנג פון מיין גייסטיקן און ליטעראַרישן לעבן. די באַשיידענע מענטשן — מענער און פרויען — וואָס האָבן מיך אַרומגערינגלט אין די טעג ווען מיין פּען איז נאָך געוועזן גרין; אַט די באַשיידענע מענטשן זיינען אין די אויגן פון דעם יונגן דיכטער געוועזן וויכטיקע פיגורן, פּערזענלעכקייטן וואָס העלפן בויען דאָס לעבן, ברענגען ליכט, מאַכן וואַרעמער און היימישער און מילדער דעם גרויסן אומעט פון מענטשלעכער עקזיסטענץ. אונטער אויסגעטראַכטע נעמען טרעטן דאָ אויף ניט־אויסגעטראַכטע מענטשן מיט זייערע אמתע ניט־אויסגעטראַכטע הערצער.

דאָס איז אַ בוך פון רוסישן אידנטום פון דער „טשערטא אָסיעדלאָסטי", וועלכע האָט זיך אַזוי שטאַרק אָפּגעשפּיגלט און מאַניפעסטירט אין מיין געבורט־שטאָט. די היסטאָריע האָט אָפּגעווישט די „טשערטא", די געטאָ־וואַנט. די מלחמה אָבער האָט אָפּגעווישט די מענטשן פאַר ווענען די אַלטע וואַנט איז אַמאָל געבויט געוועזן.

דאָס בוך איז אַ באַשיידענער דענקמאָל, אַ מצבה איבער דעם, וואָס איז אַמאָל־אַמאָל געוועזן ביאַליסטאָק. מיט אַ שטילער און האַרציקער איבערגעבנקייט ווידמעט דער מחבר זיין בוך דעם אָנדענקען פון זיין מאַרטירער־שטאָט — ביאַליסטאָק, ע"ה.

די דערשיינונג פון דעם דאָזיקן דענקמאָל־בוך איז מעגלעך געוואָרן דורך דער נאָבעלער און ברייטער הילף פון ה' ראַלף ווייַן און די ברידער מאָריס און סעמיועל קראָל. אין מיין נאָמען און אויך אין נאָמען פון די אַלע וואָס וועלן לייענען דעם בוך, דריק איך זיי אויס מיין טיפסטן דאַנק, מיין טיפע אנערקענונג.

אויך גייט מיין וואַרעמער דאַנק צו ה' לואי פאַלטער, וועלכער האָט אַריינגעלייגט אַ סך אַרבעט און נאָך מער געזונט אין אַריבערברענגען מיין אַרבעט צום לעזער.

אָסיפ דימאָוו

## פערזאָנען :

אהרן שיפער

שרה — זיין פרוי

חנה — זייער טאָכטער

יעקב ענמאַן

ר׳ אליהו דער רב

1טער איד

2טער איד

סילקין — אַ מיליטער דאָקטאָר

אַ מענש

מענער און פרויען

# ערשטער אַקט

(אַ צימער ביי שיפּער׳ן אין הויז, אַ פּראָווינציעלע באַלעבאַטישע אידישע פאַמיליע. אין צימער — אַן אומאָרדענונג, אַ צובראָכענער לאָמפּ, שטעהט נישט אָנגעצונדענערהייט. אַ ליכט. — ביינאַכט).

1

(ביים טיש זיצט **אהרן שיפּער** מיט אַ בוך, לייענט און שעפּטשעט שטילערהייט ווי ער וואָלט דאַווענען. זיין קאָפּ פאַרבאַנדאַזשירט מיט אַ ווייסען ריינעם באַנדאַזש. **חנה** קומט אַריין, שטעלט זיך אָפּ נעבען טיר).

**א ה ר ן:** וויפיל אַזייגער?

**ח נ ה:** (ווי זי וואָלט נישט הערען, הויבט־אָן אומגעהן איבער׳ן צימער הין און צוריק; דערנאָך — הויבט־אָן צו רעדען שנעל מיט אַ טאָן, ווי זי וואָלט לאַכען פון עפּעס). **שלעכט. שלעכט. איך ווייס וואָס עס וועט פאָרקומען.**

**א ה ר ן:** קיינער קען קיין זאַך נישט וויסען.

**חנה:** און איך ווייס. ער וועט שטאַרבען. אָט וועסטו זעהן, אַז ער וועט נישט בלייבען לעבען.

**א ה ר ן:** ער האָט דען עפּעס געזאָגט?

**ח נ ה:** די דאָקטוירים ווייסען ניט, און איך ווייס. פאַרוואָס? ווייל אַזוי. אָט אַזוי בין איך שוין, און נאָכדעם, ווי מען וועט לעגאַנ׳ען מקבר זיין, וועט ווידער עפּעס פאָרקומען.

**א ה ר ן:** ס׳איז אַ גרויסע עבירה אַזוי פאָראויסצוזאָגען.

**ח נ ה:** איך קען בשום אופן נישט פאַרשטעהן, וואָס טהוט זיך דאָס מיט איהם? ער וויל פאָהרען צוריק, ער בעט, אַז מ׳זאָל איהם צוריק אָוועקפיהרען קיין פּעטערבורג.

א ה ר ן: צו קען מען דען אַ פֿאַרוואונדעטען פֿיהרען קיין פּעטער־בורג? אַז ער וועט זיך עטוואָס פאַרבעסערען, וועלען מיר איהם פֿיהרען קיין פּעטערבורג.

ח נ ה: אין דער פריה האָט ער מיך געגומען ביים האַנט און האָט איהר נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט גאָרנישט גערעדט, נאָר איך האָב אַלץ פאַרשטאַנען. איך האָב איהם געפרעגט: דו ווילסט צוריק אין פּעטערבורג? ער האָט זיך פֿונאַנדערגעוויינט.

א ה ר ן: עס קען זיין, אַז ער האָט עמיצען דאָרט. מסתמא, אַ שעהן אידיש מיידעל.

ח נ ה: ער האָט געקוקט אויף מיר און געוויינט. און פלוצלונג האָט ער אַ קוש געטאָן מיין האַנט (כאַפּט זיך ביים קאָפּ). איך האָב איהם נישט ליב געהאָט. אָט, זעהסטו, איך וויין אפילו נישט, און ער מוטשעט זיך דאָרט — אַ סימן, אַז איך האָב איהם נישט ליב געהאָט. און ער איז דאָך מיין ברודער, מיין איינציגער ברודער, און ווען ער וועט שטאַרבען, וועל איך זיך אָפּשטעלען אַליין, אין גאַנצען אַליין. און גאַנץ גוט אַזוי, גאַנץ גוט. אַזוי דאַרף צו זיין.

א ה ר ן: שטילער, שטילער. דו טראַכסט אויס אויף זיך אַליין פאַלשע זאַכען. פון יענער צייט, וואָס לעאָן איז אַריינגעטראָטען אין „גאָרני אינסטיטוט״, זיינען שוין פאַראיבער פינף יאָהר, ער איז די גאַנצע צייט נישט געקומען צו אונז צופאָהרען, נאָר צו דען באַ־דייטעט דאָס, אַז מיר האָבען איהם פאַרגעסען אָדער ער אונז?

ח נ ה: דאָס אַלץ וועט זיך שלעכט ענדיגען.

א ה ר ן: ער האָט אונז נישט פאַרגעסען. אָט זעהסטו ווי נאָר ער איז געוואָר געוואָרען פון אונזער אַלגעמיינעם אומגליק, האָט ער אַלץ אַוועקגעוואָרפען און איז געקומען צו פליהען.

ח נ ה: בעסער וואָלט זיין, ווען ער וואָלט נישט געקומען.

א ה ר ן: ווער־זשע האָט געקאָנט וויסען, אַז עס וועט אַזעלכעס פאָרקומען?

2

ש ר ה: (קומט אַריין אין טיר. איהר געזיכט איז רוהיג. עס איז צו באַמערקען, אַז זי סטאַרעט זיך איינצוהאַלטען פאַר׳ן קראַנקען.

רעדט אין די קוליסען) באַלד, באַלד וועל איך ברענגען (מאַכט עטליכע טריט און ברעכט אויס אין אַ יאָמערדיקען געוויין, דעקט־צו דאָס גע־זיכט מיט אַ טיכעל).

ח נ ה: נו, וואָס?

ש ר ה: (סטאַרעט זיך איינצוהאַלטען) ניין, גאָר נישט, ניין (נעהמט עפּעס אַ זאַך, געהט צום טיר, אויפ'ן שוועל). אָט האָב איך טאַקע גע־פונען (געהט אַרויס).

ח נ ה: (ווי זי וואָלט אין עפּעס וועלען איבערצייגען) אָט זעהסטו, זעהסטו? ביי אונז אין הויז איז שלעכט, זעהר שלעכט.

א ה ר ן: דו האָסט טענות צו גאָט. מיר האָבען נאָך איבער אונז אַן אַלטען, אַלטען גאָט, אין וועלכען איהר, יונגוואַרג, גלויבט נישט. ניין, ס'איז נישט וואָס איהר גלויבט נישט, נאָר איהר טראַכט לחלוטין נישט פון איהם. אָבער ער לעבט, ער נעהמט נישט אַראָפּ דעם אויג פון אייך, אומגלויבער, און היט אייך אָפּ. נו, יע, איהר, יונגע קעפּ, מיינט, אַז דאָס איז אַלץ פלאַפּלעריי פון אַלטע לייט.

ח נ ה: זיי מתפלל צו איהם, בעט ביי איהם רחמים, אַז ער זאָל וואָס גיכער אונז שיקען אַ ישועה. אַז ער זאָל רחמנות האָבען (מיט אַ שאַר־פען אויסגעשריי), אַז ער זאָל רחמנות האָבען אויף אונז. זיי מתפלל צו איהם, בעט!

א ה ר ן: ער וועט זיך אָננעהמען פאַר אונז — אונזער אַלטער אי־דישער גאָט. ער זעהט אַלץ. ער ווייסט אַלץ און, ווען ס'וועט קומען די צייט און די צרות וועלען זיך שוין אַריבערגיסען איבער'ן ברעג, וועט ער אויסשטרעקען זיין האַנט און וועט זאָגען מיט זיין אַלמעכ־טיגער שטימע: „גענוג".

ח נ ה: פאַרוואָס אָבער זאָל ער דערלאָזען די צרות צוקומען ביז די סאַמע ברעגעס?

א ה ר ן: נו, דאָס . . . דאָס ווייס ער שוין בעסער פאַר אונז. ניין, עס קען נישט זיין אַנדערש, אונזער לעאָן מוז געזונט ווערען. אַזוי וועט זיין, אַזוי וועט זיין!

ח נ ה: ניין, מען לאַכט אונז אויס, מען מאַכט חוזק פון אונז.

א ה ר ן: און דענסטמאָל וועט קומען דער אמת'ער נצחון. דענסטמאָל וועל איך, דער זקן, קומען צו אייך, יונגוואַרג, און וועל זאָגען: נו,

וואָס? ווער פון אונז איז געווען גערעכט? ווער האָט בעסערע אויגען: איהר וואָס איהר זעהט די גאַנצע וועלט — אין אוניווערזיטעטען, און אַ סך אַזעלכע זאַכען, — אָדער איך, וואָס זעה נאָר אָט די דאָזיגע פיער־קאַנטיגע אותיות פון דער אַלטער שפּראַך?

ח נ ה: אָבער פאַרוואָס מאַכט ער חוזק פון אונז? . . .

א ה ר ן: יע, יע. ביינאַכט, ווען ס'דערהערט זיך פּלוצים אַ שטאַרקע קלאַפּעריי אין אונזערע פענסטער, כאַפּט איהר זיך, יונגוואַרג, צום געוועהר און שרייט: „דער פּאָגראָם הויבט זיך אָן פונס'ניי". און איך קלער בשעת מעשה: דאָס קלאַפּט דאָך גאָט אין אונזערע פענסטער, דער גרויסער גאָט פון פאָלק ישראל פרעגט צי זיינען מיר פעסט, צי גלויבען מיר? ביינאַכט ווען ס'דערהערט זיך אַ שטאַרקע קלאַפּעריי אין אונזערע פענסטער . . . (ס'דערהערט זיך פּלוצלונג אַ שטאַרקער קלאַפּען אין פענסטער).

ח נ ה: ס'הויבט זיך שוין ווידער אָן!

א ה ר ן: גאָט פון ישראל !

(דאָס קלאַפּען חזר'ט זיך איבער; ס'הערט זיך אַ באַרוהיגענדע שטימע).

א ה ר ן: (געהט צו) ווער איז דאָס?

ע נ מ אַ נ ' ס שטימע: האָט, איך בעט אייך, קיין מורא נישט. דאָס בין איך. איך זוך שיפער'ס וואוינונג.

א ה ר ן: ווער־זשע זענט איהר?

ע נ מ אַ ן: איך בין אַ איד, איך בין נאָר וואָס געקומען. מיין פאַמיליע־נאָמען איז ענמאַן.

א ה ר ן: דו הערסט, ווער ס'איז געקומען צופאָהרען? יעקב ענמאַן, דיין חתן.

ח נ ה: (טהוט אַ ציטער, בלייבט שטעהן ווי פאַרגליווערט, זעהר אויפגערעגט).

א ה ר ן: (ענמאַנ'ען) קומט אַריין, קומט אַריין. אָט באַלד (געהט צו צו חנה'ן). נו, אָט זעהסטו שוין, יעקב ענמאַן איז געקומען צופאָהרען. און אויך איהם האָט נישט גאָט געשיקט? אָדער אפשר האָסטו איהם טעלעגראַפירט? וואָס, דו ביסט נישט צופרידען? (געהט אַוועק פון איהר).

3

(שרה קומט אַריין).

ש ר ה: וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?
ח נ ה: ס׳איז געקומען צופאָהרען יעקב ענמאַן.
ש ר ה: יעקב ענמאַן. נו, גאָט צו דאַנקען, גאָט צו דאַנקען (זעצט זיך).
ח נ ה: (געהט אַרויס).
ש ר ה: וואוהין־זשע געהסטו?

4

(עס קומען אַריין אהרן און ענמאַן).

ע נ מ אַ ן (פון גרויס אויפרעגונג קען נישט רעדען, עס פליסען פון זיינע אויגען טרעהרען. ער געהט־צו שנעל צו שרה׳ן; זי וויל זיך אויפהויבען צו איהם, נעהמט איהם אַרום, איינגעבויגען, גלעט איהם לאַנג, לאַנג, ווי אַ קינד).
ש ר ה: איהר זענט מיין זוהנ׳ס אַ חבר. (גלעט איהם): אויסגעוואַקסען. אַ גרויסער בחור.
א ה ר ן: אַ גליק וואָס איהר זענט געווען ווייט פון דאַנען.
ע נ מ אַ ן: אַלע זיינען ביי אייך געזונט?
א ה ר ן: נו, איצט איז איהם שוין בעסער . . . פיל בעסער.
ע נ מ אַ ן: פון וועמען רעדט איהר דאָס?
ש ר ה: פון אונזער לעאָנ׳ען. איך האָב איהם נישט געזעהן פינף יאָהר. ער איז אַוועקגעפאָהרען פון אונז אַ געזונטער. איהר געדענקט, ווי שעהן ער איז געווען?
א ה ר ן: נאָר איין טאָג האָבען מיר איהם געזעהן אַ געזונטען.
ע נ מ אַ ן: וואָס איז דען פאָרגעקומען מיט לעאָנ׳ען?
ש ר ה: וואָס איז פאָרגעקומען? זיי האָבען איהם דער׳הרג׳עט. זיי האָבען איהם דער׳הרג׳עט.
א ה ר ן: שאַ . . . שטילער, שטילער . . . דאָרט הערט מען אַלץ.
ש ר ה (מיט אַ שטילער, אונטערדריקטער שטימע). זיי האָבען איהם דער׳הרג׳עט, אָט וואָס עס האָט געטראָפען, הערר ענמאַן. פאַרוואָס?

א ה ר ן: שוין דער דריטער טאָג, אַז ער ליגט ביי אונז דאָ. (ווייזט אויפ׳ן צווייטען צימער).

ש ר ה: פּלוצלונג קומט ער אַריין. איך האָב געמיינט, אַז דאָס חלום׳ט זיך מיר. דערנאָך איז ער באַלד אַוועקגעגאַנגען זוכען חנה׳ן.

ע נ מ אַ ן: חנה איז דען . . .

א ה ר ן: קיין זאַך, הערר ענמאַן, זייט פאָלשטענדיג רוהיג. חנה לעבט און איז געזונט. זי וועט באַלד אַרויסקומען צו אייך.

ע נ מ אַ ן: וואו־זשע איז זי דענסטמאָל געווען?

ש ר ה: זי האָט גענעכטיגט ביי איהרע אַ חבר׳טע, ס׳איז געווען זעהר געפעהרליך אומקעהרען זיך אַהיים פאַרנאַכט. נאָר וואָס פאַר אַ נאַכט מיר האָבען איבערגעלעבט — איהר קענט זיך שוין פאָרשטעלען.

א ה ר ן: ער איז אַרויסגעגאַנגען איהר זוכען, און ווי נאָר ער איז אַרויסגעגאַנגען, האָט זי זיך אומגעקעהרט.

ש ר ה: מ׳האָט איהם נישט געדאַרפט אָפּלאָזען, מ׳האָט נישט געדאַרפט.

א ה ר ן: פאַרנאַכט האָבען מיר איהם דערזעהן . . . (פּויזע).

ע נ מ אַ ן: ער האָט זיך אומגעקעהרט ערשט פאַרנאַכט?

ש ר ה: נייך, אַליין איז ער שוין נישט געקומען, מ׳האָט איהם געבראַכט צו אונז.

ע נ מ אַ ן: פאַרוואונדעט?

א ה ר ן: אָט דאָרט ליגט ער, ביי חנה׳ן אין צימער, שוין דעם דריטען טאָג. דער דאָקטאָר זאָגט . . .

ע נ מ אַ ן: וואו איז ער פאַרוואונדעט? . . .

ש ר ה: אין רוקען האָט מען איהם אַ שטאָך געטאָן מיט אַ מעסער. ער און נאָך עטליכע פון אונזערע יונגע לייט האָבען געפּרואווט פאַר־טיידיגען גאָלדבלאַט׳ס מאַגאַזין. אָבער פּלוצלונג איז ער אַנידער־געפאַלען.

ע נ מ אַ ן: קאָן מען איהם זעהן?

ש ר ה: אַצינד קען מען נישט. נאָך וואָס זאָל מען איהם באַאומרו־היגען? לאָמיר וואַרטען ביז מאָרגען. מאָרגען וועט איהם זיכער זיין בעסער. אויסער דעם וועט ער באַלד אָנהויבען צו בעטען, אַז מ׳זאָל

איהם נעהמען צוריק קיין פעטערבורג. איך וועל אייך אַריינשיקען חנה'ן (געהט אַרויס).

א ה ר ן: ער שלאָפט גאָר נישט (שטיל). זי ווייס נישט, אין וואָסער לאַגע געפינט זיך לעאָן. און נאָר דעריבער האָפט זי נאָך. און וואָס וועט זיין, אַז מאָרגען וועט איהם נישט ווערען בעסער . . .

ע נ מ אַ ן: איז דאָס אַזוי געפעהרליך?

א ה ר ן: אַ סך געפעהרליכער ווי זי מיינט, נאָר מען טאָר איהר דאָס נישט זאָגען. אומישנע מאַך איך זיך אַזוי, כדי זי נישט בעאומרוהיגען; נאָר ווען איהר זאָלט וויסען, ווי שווער . . .

ע נ מ אַ ן: לאָמיר האָפען.

א ה ר ן: איך בין אַן אַלטער מאַן, דאָס איז מיין איינציגער זוהן און, אויב גאָט'ס צאָרן וועט נישט איינגעשטילט ווערען, וועל איך זיך אָפּשטעלען ווי אַן אַלטער טרוקענער בוים, אָהן בלעטער.

ע נ מ אַ ן: איהר פאַרגעסט אינגאַנצען אַן אייער טאָכטער.

א ה ר ן: אָבער קיין „קדיש", קיין „קדיש" וועל איך נישט האָבען. „קדיש"— דאָס איז אַ תפילה, וואָס דער זוהן זאָגט נאָך זיינע עלטערען יעדען טאָג. מיר אידען רופען אונזער איינציגען זוהן אויך „קדיש". אונזערע זיהן — דאָס זיינען אונזערע תפילות. דאָרט אויף די גאַסען זייינען געשטאָרבען אונזערע תפילות, אונזערע תפילות צו מזרח, פון וואַנען ס׳געהט אויף די זון, הערר ענמאַן. איהר זענט יונג, איהר ווייסט עס נישט. נאָר אַן אַלטער איד, אַזעלכער ווי איך, וואָס זיצט ביים בעט פון זיין „קדיש" און זעהט, ווי פון איהם פליהט אַוועק דאָס לעבען, ווי זיינע אויגען לעשען זיך, ווי . . . (רייסט איבער). איך זיץ ביינאַכט, קוק און טראַכט: אָט, אָט שטאַרבט מיין תפילה. ניין, עס שטאַרבט די תפילה פון אַ לאַנגער ריי פון מיינע זיידעס און עלטערעלטער־זיידעס. ביי די געצענדינער פלעגט מען אָצינדען אַ פייער, וועלכער פלעגט ברענען אין זייערע טעמפלען און וועלכען מ׳פלעגט אונטערהאַלטען, אַז ער זאָל נישט פאַרלאָשען ווערען. ביי אידען איז אויך פאַראַן אַזאַ פייער. דאָס איז די תפילה „קדיש". מיין פאָטער האָט איהר איבערגענומען פון מיין זיידען, איך האָב איהר געזאָגט אויף מיין פאָטער׳ס קבר, און איבער מיר, אויף מיין קבר, האָט דאָס באַדאַרפט זאָגען מיין זוהן. „קדיש" — דאָס איז נישט קיין תפילה פון

טויט, נייך, דאָס איז אַ תּפילה פון ווידער אויפלעבען, זי איז גע־
ווענדעט צום מזרח, פון וואַנען די זון געהט אויף. און אַט דער אַמאָ־
ליגער, אייביגער פייער לעשט זיך און האַלט ביים פאַרלאָשען ווערען...
ווי זאָל מען איהם פּונס׳ניי אָנצינדען ? . . .

ע נ מ אַ ן : גאָט וועט געבען . . .

אַ ה ר ן : יע, גאָט. איך בין אַ איד אַ מאַמין, אָבער איך זיץ דאָ און
פרעג זיך : ווי אַזוי קאָן מען דערלאָזען, אַז עס זאָלען שטאַרבען
תּפילות ? די דאָזיגע תּפילות זיינען דאָך שטענדיג געווענדעט צו
איהם. פאַרוואָס האָט ער נישט אויסגעשטרעקט זיין האַנט ? פאַרוואָס
האָט ער נישט פאַרלאָשען מיט זיינעם אַ ווינטל די שרפה ? העրר
ענמאַן, איך טראַכט אַמאָל, אַמאָל טראַכט איך, אַז ער איז אַ צו
צאָרניגער גאָט און ס׳איז איהם שוין צייט אויפצוהערען אונז אַלץ
שטראָפען און שטראָפען, וואָס זאָגט איהר ?

ע נ מ אַ ן : וואָס זאָל מען זאָגען ? וואָס פאַר אַ ווערטה קאָנען
האָבען ווערטער ?

אַ ה ר ן : יע, יע. ער שטראָפט אונז, און מיר שווייגען. מיר שווייגען
אַלץ, ריכטיג ווי דאָס דאַרף אַזוי זיין. נאָר איך רעכען, אַז אויף איין
פראַגע מוז ער דאָך געבען אַן ענטפער. איהר האָט געהערט, זי האָט
געפרעגט : „פאַרוואָס ? פאַרוואָס ?״ ווען ס׳הערט זיך אָט דער גע־
שריי פון אַ מוטער — „פאַרוואָס ?״ קען מען נישט אויף איהם נישט
ענטפערען. מען קען נישט ! איך וואַרט אויף אַן ענטפער. מיר געהט
דער דריי און זעכציגסטער יאָהר. ווי נאָר איך האָב אָנגעהויבען עפּעס
פאַרשטעהן, האָב איך אָנגעהויבען מתפלל זיין צו גאָט. און ער האָט
קיין איין מאָל, פאַרשטעהט איהר, קיין איין מאָל נישט ערפילט מיינע
אַ בקשה, נישט צוגעהערט צו מיינע תּפילות. און איצט זאָג איך : זאָל
ער מיך נישט הערען, זאָל ער אָבער ענטפערען מיין אַלטער : פאַר־
וואָס ? ער דאַרף עס טאָן.

ע נ מ אַ ן : צו טרעפט זיך דען דאָס מיט אידען דאָס ערשטע מאָל,
אָדער צום לעצטען מאָל ? . . .

אַ ה ר ן : איך וועל אין גיכען אויפהערען מתפלל זיין צו איהם. מיין
שטימע וועט נישט קאָנען זיין אַזוי שטאַרק איבערצושרייען די יסורים.
**איך פאָדער . . .**

ע נ מ אַ ן: איהר פֿאַדערט?

א ה ר ן: איך פֿאָדער פון איהם אַ נס! פֿאַר די פופציג יאָהר מיינע תפילות פֿאָדער איך, אַז ער זאָל כאָטש איינמאָל אַ קוק טאָן אויף מיר, אויף אונזער משפחה. ווי אַזוי מיר לעבען! ווי אַזוי מיר ליידען אומענדליך! ער ווייס דאָס נישט? פֿאַר אַלעמען געהט אויף די זון, נאָר נישט פֿאַר אונז. די קברים פֿון אונזערע פֿאָטערס זיינען ווייט... אונזערע קינדער געהען אַוועק פון אונז ווייט, מיר זעהען זיי נישט, זיי בלאָנדזשען אַרום איבער דער וועלט . . . און ווען זיי קעהרען זיך אום — שטאַרבען זיי. וואָס? ער ווייס דאָס נישט? אַנטשולדיגט מיר. ס׳איז נישטאָ אויף דער וועלט אַזאַ לעבעדיגע באַשעפעניש וואָס זאָל דאָס נישט וויסען . . . און ער ווייס נישט! נו, קאָן דען דאָס זיין? נייך, ער וויל נישט וויסען. ער קעהרט זיך אָפּ. אָבער איך פֿאָדער פון איהם אַ נס. ס׳איז אַ שרעקליך גרויסע עבירה אַזוי צו פֿאָדערען, איך ווייס עס, נאָר איך האָב קיין אַנדער וועג נישט. ער אַליין האָט פֿאַר־מאַכט פֿאַר מיר אַלע וועגען. איך פֿאָדער אַ נס: נעהם נישט צו ביי מיר מיין זוהן!

ע נ מ אַ ן: אַזוי וועט זיין.

א ה ר ן: אַזו מוז זיין. (בייטענדיג זיין טאָן) אָט וועגען וואָס איך האָב געוואָלט מיט אייך רעדען, הערר ענמאַן: וואָס פֿאַר אַ וויכטיג זאַך האָט דאָס לעאָן אין פּעטערבורג?

ע נ מ אַ ן: פון וואַנען נעהמט איהר דאָס?

א ה ר ן: ער רייסט זיך אַלץ קיין פּעטערבורג. ווי נאָר ער איז געקו־מען צום זינען האָט ער געזאָגט: שיקט מיך קיין פּעטערבורג. וואָס ער־גער ס׳ווערט איהם, אַלץ שטאַרקער רייסט ער זיך אַהין.

ע נ מ אַ ן: איך וועל איהם גערן באַגלייטען.

א ה ר ן: אוממעגליך. ער וועט שטאַרבען אין וואַגאָן. נאָר וואָס איז דאָס אַזעלכעס?

ע נ מ אַ ן: איך ווייס נישט. אין פּעטערבורג פלעגען מיר זיך זעלטען באַגעגענען מיט לעאָנ׳ען. ער האָט געהאַט זיינס, איך — מיינס.

א ה ר ן: יאָ, מ׳האָט מיר דערצעהלט וועגען אייך, מען האָט שוין אפילו געשריבען אין די צייטונגען.

ע נ מ אַ ן: מ׳האָט געשריבען, און גוט אויך.

א ה ר ן : אָט זעהט איהר, אַ שאָד וואָס אייער פאָטער האָט דאָס נישט דערלעבט. ער איז געווען זעהר אַן אָרענטליכער מאַן און אויך אַ פעהיגער מענש.

ע נ מ אַ ן : עס קען זיין, אַז אייער טאָכטער האָט זיך שוין געלייגט שלאָפען?

א ה ר ן : ניין, כמעט קיינער פון אונז שלאָפט נישט די טעג. נאָר איך פאַרשטעה נישט פאַרוואָס זי קומט נישט אַהער.

ע נ מ אַ ן : איהר פאַרשטעהט דאָך מסתמא, צוליב וואָס איך בין געקומען צופאָהרען?

א ה ר ן : נו, איך פאַרשטעה, איהר האָט דאָך נישט דאָ אין שטאָדט קיין קרובים.

דאָס הייסט איך וויל אַזוי האָפען.

א ה ר ן : נו, נו, גיב גאָט. כאָטש איצט איז נישט קיין צייט צו רעדען דערפון, נאָר אויב מיין טאָכטער און איהר . . . אויב איהר וועט מיט מיין טאָכטער עפּעס באַשליסען — וועל איך בעסערס נישט פאַרלאַנגען.

5

(שרה קומט אַריין).

ש ר ה : (מיט אַ פרעהליכער מינע, זי שמייכעלט און שאָקעלט צו מיט׳ן קאָפּ). פלוצלונג איז איהם בעסער געוואָרען. איך זיץ אַזוי און טראַכט זיך: ווי לאַנג וועט ער נאָך ליגען אין בעט? און פלוצלונג הער איך, ער רעדט: אין צוויי וואָכען אַרום וועל איך זיין געזונט. ריכטיג ווי ער וואָלט טרעפען, וואָס איך טראַכט. און די

ע נ מ אַ ן : קיינעם נישט אויסער אייך — אויסער אייער משפחה, אויגען אַזעלכע קלאָרע, מונטערע. אומישנע בין איך געקומען דיר צו זאָגען . . .

א ה ר ן : (פרעהליך און כיטרע). אָט זעהט איהר. ער הויבט זיך שוין דאָרט אָן אונטערצוגעבען (געהט אַרויס).

ש ר ה : וועגען וועמען רעדט ער דאָס? (קוקט זיך אַרום). חנה איז נאָך נישטאָ?

ע נ מ אַ ן : אייער מאַן איז געגאַנגען נאָך איהר.

ש ר ה : איהר זענט געקומען אין אַ שרעקליכער צייט.

ע נ מ אַ ן : נו, אַט רוהיגט זיך שוין אַלץ איין, און אין צוויי וואָכען אַרום וועט לעאָן . . .

ש ר ה : וואָס וועט אין צוויי וואָכען אַרום זיין מיט לעאָנ׳ען איז מיר שרעקליך אפילו אַ טראַכט צו טאָן.

ע נ מ אַ ן : איהר האָט דאָך אַליין נאָר וואָס געזאָגט . . .

ש ר ה : דער דאָזיגער ליגען זאָל מיר נישט זיין פאַררעכענט פאַר קיין זינד. פריהער האָב איך זיך נישט איינגעהאַלטען, און איצט האָב איך אומישנע אַלץ אויסגעטראַכט, כדי איהם צו באַרוהיגען. ער איז אַן אַלטער מאַן און וועט נישט איבערלעבען זיין זוהן. זאָגט איהם נישט, לעאָן איז פיל געפעהרליכער, ווי ער מיינט. איך סטאַרע זיך מיט די לעצטע כחות, אַז ער זאָל זיך דערפון נישט דערוויסען.

ע נ מ אַ ן : הייסט עס, לעאָן האָט אייך איצט גאָרנישט געזאָגט ?

ש ר ה : ער שוויגט. ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגען און ס׳קען זיין, אַז ער שלאָפט, איך ווייס נישט, איך ווייס נישט.

ע נ מ אַ ן : און ער בעט נישט, אַז מ׳זאָל איהם אַוועקפיהרען קיין פעטערבורג ?

ש ר ה : ער שוויגט. שטילער. זיי דאַרפען נישט וויסען דערפון. זיי וועלען נאָך האָבען גענוג צייט צו וויינען. (געהט אַרויס).

## 6

ח נ ה : (קומט אַריין ; שמייכעלט צומישט און שעמעוודיג, קוקט אויף ענמאַנ׳ען שנעל און נאָר ווען ער קוקט נישט).

ע נ מ אַ ן : וואָס מאַכט איהר, חנה, ליבסטע, וואָס מאַכט איהר ? (דריקט איהר האַנט, ציהט איהר צו זיך ; חנה רוקט זיך אָפּ פאַרזיכטיג, שעמעוודיג). איהר קוקט נישט אויף מיר ?

ח נ ה : ניין, איך קוק. (אָפּרוקענדיג זיך)

ע נ מ אַ ן : זעהר פאַרענדערט זיך. בלאַסער געוואָרען.

ח נ ה (סטאַרענדיג זיך איבערשלאָגען איהם). מיר האָבען זיך דאָך נישט געזעהן שוין מעהר ווי אַ יאָהר.

ע נ מ אַ ן : אַזוי דאַר געוואָרען. אינגאַנצען אַן אַנדערע.

חנה: די זעלבע. פאַרוואָס אַן אַנדערע? לאַנג נישט געזעהן זיך. אַט האָט איהר זיך אויך פאַרענדערט.

ענמאַן: נאַר־וואָס האָט אייער מאַמע געזאָגט, אַז לעאָן . . .

חנה: איהם איז בעסער. יאָ, איהם איז בעסער.

ענמאַן: פאַרוואָס־זשע זענט איהר אַזוי אונטערדריקט?

חנה: בכלל נישט. איך בין רוהיג. פאַרוואָס מיינט איהר עפּעס?

ענמאַן: ענדליך האָבען מיר זיך דערזעהן. איך האָב אַלץ גע־קלעהרט, ווי אַזוי וועט דאָס זיין און ווען? איך ווייס נישט פאַר־וואָס מיר האָט זיך געדוכט, אַז אין פריהמאָרגען, פרילינג. איך וועל קומען אויף פּסח. אויף די גאַסען איז שטיל, קיין איזוואָשטשיקעס זיינען נישטאָ. איך וועל אומישנע נישט אָנזאָגען און וועל אומגע־ריכטערהייד אַריינגעהן. איך זעה אַזוי דייטליך ווי איהר וועט זיך פאַר־וואונדערען, אַט שטרעקט איהר אויס די האַנט, אַט לאַכט איהר הויך . . . פאַרוואָס וויינט איהר?

חנה: (די אויגען זיינען פול מיט טרעהרען). ניין, איך וויין נישט.

ענמאַן: (שטיל, מיט אַ ברידערליכער איידעלקייט). דאָס אַלץ וועט זיין. מ׳דאַרף נישט וויינען, ס׳וועט זיין אַ שעהנער פריהלינג און אַ שטילער, ריינער, רוהיגער פּסח, מ׳דאַרף נישט וויינען. ס׳וועט זיין רוהיג אויף די גאַסען — יום־טוב. ליבע חנה, שעהנע ליבע חנה (גלעט איהר די האָר) צו אייך וועט זיך אומקעהרען אייער פריהערדיגער פרעהליכער געלעכטער. אין די אויגען — די אָרענטליכע טיפע אויגען — וועלען נישט זיין טרעהרען.

חנה: פאַרוואָס גלעט איהר מיך?

ענמאַן: ווייל . . . ווייל מ׳דאַרף אַזוי.

חנה: עס קען זיין, אַז איך בין גאָר נישט אַזעלכע, ווי איהר מיינט. און דערנאָך וועט איהר זיך דאַרפען שעהמען.

ענמאַן: זיך שעהמען?

חנה: וואָס איהר האָט זיך צוגעריהרט צו מיר.

ענמאַן: מען דאַרף נישט אַזוי רעדען.

חנה: (מיט אַן איינגעהאַלטענער אויפרעגונג; זי רייסט זיך אַדורך). איהר ווייסט נישט. איך געה און וויין. יעקב, איך געה און וויין. ביי־טאָג און ביינאַכט, ווען קיינער זעהט און הערט נישט.

ע נ מ אַ ן : פאַרוואָס ווײנט איהר אַלץ ?
ח נ ה : פאַרוואָס ? מיר איז אויף אַלעמען אַ רחמנות.
ע נ מ אַ ן : נו, יאָ. מיר הערען נאָר נישט, אָבער צוזאַמען מיט אייך ווײנט דאָס גאַנצע אידענטום, ווײנען אַלע אידען אין אַלע ווינקעלאַך אויף אַלע עקען וועלט.
ח נ ה : (אומערוואַרטעט) איהר געדענקט דאָראַ גאָלדבלאַט ?
ע נ מ אַ ן : די טאָכטער פון זייגערמאַכער. די שעהנע, הויכע ?
ח נ ה : יאָ.
ע נ מ אַ ן : נו, טאָ וואָס ?
ח נ ה : ניין, אַזוי . . . זייער מאַגאַזין איז אינגאַנצן צעראַבעוועט.
ע נ מ אַ ן : און מיט איהר וואָס איז ?
ח נ ה : ניין, אַזוי . . . זייער מאַגאַזין איז אינגאַנצן צעראַבעוועט.
ע נ מ אַ ן : און מיט איהר איז וואָס ?
ח נ ה : גאָרנישט. אין אַ מאָנאַט אַרום דאַרף זיין איהר חתונה. איצט וועט דער חתן מסתמא זיך אָפּזאָגען.
ע נ מ אַ ן : פאַרוואָס ?
ח נ ה : איך קלער אַזוי. איך ווייס נישט.
ע נ מ אַ ן : צוליב דעם, ווייל דער פאָטער איז צוראַבירט, פאַר־אָרעמט ? איז ער דען אַזוינער ?
ח נ ה : איך ווייס נישט.
ע נ מ אַ ן : ניין. וואָס ס׳זאָל זיך מיט איהר נישט טרעפען, וועט איהר דער חתן נישט אַוועקוואַרפען.
ח נ ה : (שטיל). פאַרוואָס ?
ע נ מ אַ ן : ווייל ס׳איז אָנגעשיקט געוואָרען אַ גרויסע, אַ שרעקליכע צרה, אַ אומגליק אויף אונז אַלעמען. קוקט זיך צו : פון אַלע זייטען אויסגעשטרעקטע הענט, אויף אונז קוקען פאַרוויינטע אויגען, בלאַסע פנימ׳ער . . . דאָס זיינען דאָך ברידער. זיי ווײנען צוזאַמען מיט אונז. ניין, אין אַזעלכע מינוטען געהט קיינער נישט אַוועק ! פאַרקעהרט, די וואָס זיינען אַוועקגעגאַנגען, קעהרען זיך אום.
ח נ ה : פאַרוואָס־זשע בין איך אַליין ?
ע נ מ אַ ן : איך האָב זיך אומגעקעהרט צו אייך. מען זאָגט : אידען

האָבען נישט קיין פאָטערלאַנד. עס איז נישט ריכטיג. איך זעה אייער שעהנעם פּנים און מיר דאַכט זיך, אַז איך זעה דעם פּנים פון מיין פאָטערלאַנד, פון מיין היים־לאַנד.

ח נ ה: צו וואָס רעדט איהר אַזוי?

ע נ מ אַ ן: איך האָב זיך דערוואוסט וועגען דעם פּאָגראָם אין פּעטערבורג, דאָס האַרץ מיינס האָט זיך פונאַנדערגעווייגט. „נישט אמת, נישט אמת, דאָס קען נישט זיין!" צוזאַמען מיט מיין שמערץ פאַר מיינע ברידער, האָב איך דערפּיהלט אַ שרעקליכע, אַ טיפע אויפרעגונג. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך האָב אַ פאָטערלאַנד. אָט איז עס. דאָס שטעדטעל, די גאַסען, אייערע שוואַרצע אויגען. חנה, אייער פּנים פריהער אַזאַ פרעהליך, איצט אַ בלאַס ליידענדיגער. חנה, מיין טייער, אומגליקליך מיידעל, אָט האָב איך זיך צוריקגעקעהרט צו אייך. איהר וועט מיך נישט אַוועקטרייבען!

ח נ ה: איך פאַרשטעה נישט פאַרוואָס דאַרף איך אייך אַוועקטרייבען?

ע נ מ אַ ן: הערט זיך איין. נו הערט־זשע זיך איין. איהר ווייסט: דאָס טייערסטע, וואָס איך האָב אויף דער גאַנצער וועלט — זענט איהר. איהר הערט מיך?

ח נ ה: איך הער.

ע נ מ אַ ן: איך וועל נישט אָפּטרעטען פון אייך, איך וועל אייך היטען און נישט אַראָפּלאָזען פון אייך אַן אויג.

ח נ ה: (מיט ווייטיג) מען דאַרף נישט קוקען אויף מיר. מען דאַרף נישט קוקען.

ע נ מ אַ ן: פאַרוואָס? איך ליב אייך (חנה וויל זיך אויפהויבען).

ח נ ה: וואָס־זשע ווילט איהר?

ע נ מ אַ ן: וואָס וויל איך?

ח נ ה: יאָ.

ע נ מ אַ ן: אַז איהר . . . איהר זאָלט מיך נישט אָפּשטויסען.

ח נ ה: (זי פרעגט נישט, נאָר זי דענקט אין דער הויך). און איהר וועט מיט מיר חתונה האָבען?

ע נ מ אַ ן: (עטוואָס פאַרוואונדערט) חתונה האָבען? געוויס וועלען מיר חתונה האָבען.

ח נ ה: און מיר וועלען פון דאַנען אַוועקפאָהרען?

ע נ מ אַ ן: קיין פּעטערבורג.

ח נ ה: קיינמאָל נישט אומקערן זיך.

ע נ מ אַ ן: און די אַלטע?

ח נ ה: ניין, מיר וועלען זיך נישט אומקערן.

ע נ מ אַ ן: גוט.

ח נ ה: דאָס איז שרעקליך, שרעקליך!

ח נ ה: מיר וועלען זיין צוזאַמען. „ווער איז די דאַמע?" „דאָס איז מאַדאַם ענמאַן", „יעקב ענמאַנס פּרוי?" נו, יאָ, געוויס. אָט אַזוי וועט מען רעדען.

ע נ מ אַ ן: מיין פרוי...

ח נ ה: „וואָס פאַר אַ גליקליך פּאָר" — וועט מען זאָגען.

ע נ מ אַ ן: געוויס וועלען מיר זיין אַ גליקליך פּאָר.

ח נ ה. יע. נאָר אַהער דאַרף מען זיך נישט צוריקקערן. צו וואָס? וואָס וועלען מיר דאָ טאָן? די אַלטע וועלען קומען צו אונז. דו האָסט געפּיהלט, אַז איך ערוואַרט דיך? דאָס הייסט, ערוואַרט נישט, נאָר רוף דיך פון דערווייטענס. מסתמא, האָסטו געפּיהלט. עס קען זיין, אַז מען פּיהלט דאָס. אַ מענש ווייסט אַליין נישט, זעצט זיך אין וואַגאָן און קומט צופאָהרען, „איהר האָט מיך נישט ער־וואַרטעט? וואָס מאַכט איהר? ניין, איך האָב יאָ ערוואַרטעט", אויב דו ליבסט עמיצן, ערוואַרטסט דו. ביז אין דערפריה וועלען מיר זיצען צוזאַמען און וואַרטען. קיינער וועט אונז נישט שטערען... אַך, מען געהט...

## 7

(עס קומט אַריין אהרן, ביי איהם איז אַ משונה־פאַרוואונדערט געזיכט נאָך איהם שרה).

ש ר ה: געהט געזעגענען זיך מיט איהם.

א ה ר ן: ער האָט קיין נס נישט באַוויזען.

פ אָ ר ה אַ נ ג

## צווייטער אַקט

(די זעלבע דעקאָראַציע. אין דער פֿריה. אומ־אָרדענונג. די שפּיגעל פֿאַרהאָנגען. אויף דער סצענע געהען אַדורך פאַרשידענע מענשען: מענער און פרויען. בשעת די פויזען הערט זיך פון צווייטען צימער אַ אומעדיג לייענען תהלים).

1

(חנה און ענמאַן).

**ע נ מ אַ ן:** שטער איך אייך, חנה? אייער אומגליק איז אויך מיינער, צוזאַמען וועלען מיר באַוויינען דעם אומגליקליכען לעאָן.

**ח נ ה:** מיין ברודער.

**ע נ מ אַ ן:** ער איז געשטאָרבען ווי אַ העלד, פאַר אַנדערע, דאָס גאַנצע פאָלק וועט איהם געדענקען. לאַנג וועט בלייבען ביי אונז זיין געדע־כעניש און מיר וועלען איהר איבערגעבען אונזערע קינדער. ווען ס׳וועט אַריבערגעהן דער ערשטער איינדרוק פון אומגליק, וועט איהר דערפיהלען אַ שטילע טיפע פרייד דערמאָנענדיג זיך, אַז ער האָט גע־לעבט דאָ, מיט אונז.

**ח נ ה:** געשטאָרבען פאַר אַנדערע? נישט ריכטיג, ער איז געשטאָר־בען פאַר מיר.

**ע נ מ אַ ן:** ווי אַזוי?

**ח נ ה:** איהר ווייסט נישט, און איך ווייס עפּעס אַנדערש. ער איז אַרויסגעגאַנגען מיך זוכן, און מ׳האָט איהם פאַרוואונדעט. ווען נישט איך — וואָלט ער לעבען, מיר וואָלטען איהם נישט אָפּגעלאָזט. נאָר איך, איך אַליין בין שולדיג אין זיין טויט. דאָס ווייס קיינער נישט, אויסער . . . קיינער וועט זיך דערפֿון נישט דערוויסען. און פֿונ־דעסטוועגען איז מיר נישט קיין רחמנות אויף איהם. ווען מ׳זאָל מיך באַגראָבען צוזאַמען מיט איהם! . . .

**ע נ מ אַ ן:** חנה! וואָס רעדט איהר?

2

(קומט אַריין **שרה**).

ש ר ה: ער האָט זיך גאָרנישט פאַרענדערט, ריכטיק ווי ער שלאָפט. נישטאָ מעהר מיין זוהן. נישטאָ מעהר מיין זהן, הערר ענמאַן, און איהר האָט מעהר נישט קיין פריינד, און דו, חנה, קיין ברודער. וואָס זאָל מען טאָן? מ׳דאַרף לײדען, מ׳דאַרף זיך שטאַרקען. איך בין נישט די איין איינציגע. גאָט האָט געגעבען, גאָט האָט צוגענומען.

ע נ מ אַ ן: איך האָב אַלץ איינגעאָרדענט, וואָס מ׳דאַרף. **די לויה ווערט זיין צוזאַמען מיט די לויות פון די איבעריגע הרוגים אין אידישען שפּיטאָל.**

ש ר ה: יאָ, איהר זענט טאַקע אַ אמת׳ער גוטער פריינד. אַ דאַנק, אין אַ טרויעריגען אופן דינט איהר אונז איצט. איהם וועט מען מקבר זיין צוזאַמען מיט אַנדערע, און מיר, אומגליקליכע מוטערס, וועט לען אַלע צוזאַמען געהן אונטען און צוזאַמען וויינען. אַזוי איז שוין ביי אונז פון אייביג: אַן אַלגעמיינע צרה איז אַ צרה פון יעדען באַזונדער, און יעדע פון אונז, לײדענדיג, וויינט פאַר אַלע. נאָר קעגען דעם קאָן מען קיין זאַך נישט טאָן. מיר ווערען אַלץ אַריבערטראָגען.

3

(עס קומען אַריין **אהרן** און דער **1־טער איד**).

1 ־ ט ע ר א י ד: איהר ווילט נישט זאָגען תהלים?

אַ ה ר ן: ר׳ שמחה, ער מאַכט חוזק פון אונז אַלעמען.

1 ־ ט ע ר א י ד: ווער מאַכט חוזק?

א ה ר ן: גלויבט מיר, אַז ס׳איז אַזוי. איך האָב געמיינט, אַז מיין „קדיש״ וועט מתפּלל זיין אויף מיין קבר, און נישט פאַרקעהרט. פאַרקעהרט בין איך נישט מסכים.

1 ־ ט ע ר א י ד: אייך וועט זיין גרינגער אויב איהר וועט אַביסעל דאָס האַרץ אויסגיסען.

**א ה ר ן: ווער האָט דאָס אייך געזאָגט, אַז איך וויל, ס׳זאָל מיר זיין גרינגער? איך דאַרף דאָס גאָרנישט האָבען. פאַרקעהרט, מיין אומגליק**

איז אַזוי גרויס, אַז איך וויל האָבען די שטאָלצקייט פון אַריבערטראָגען איהם איינגאַנצען. איך וויל נישט קיין נחמה. איך זאָג דאָך אייך: מ׳מאַכט חוזק איבער אונז אַלעמען.

1־טער איד: מיר זיינען דען מתפלל נאָר פאַר זיך? אייער אייגענעם זוהן וועט דאָרט זיין גרינגער.

אהרן: איבער איהם זאָגט מען דאָך תהלים נאָך פון ביינאַכט.

1־טער איד: אַז דער פאָטער זאָגט עס — איז בעסער.

אהרן: איהר מיינט טאַקע, אַז דאָרט וועט דאָס באמת האָבען עפּעס אַ ווירקונג? דאָרט אינטערעסירט מען זיך אַפילו נישט מיט די לעבעדיגע — נאָך ווינציגער וועט מען זיך צערעמאָניען מיט די טויטע.

1־טער איד: די צרות האָבען אייך געמאַכט פאַר אַן אַפּיקורוס, ר׳ אהרן.

אהרן: אַ! הייסט עס, אַז די צרות ברייינגען דאָך עפּעס נוצען, און מ׳דאַרף זיי נישט אַזוי שטאַרק אויסמיידען.

1־טער איד: (שרה׳ן). איך וועל בעטען אַריינגעהן צו אייך דעם אַלטען קלוגען ר׳ אליהו.

שרה: ער איז דען אין שטאָדט?

1־טער איד: ער איז אומישנע געקומען צו די לויות פון ווילנע. ר׳ אליהו געהט אַרום צו אַלעמען און איז זיי מנחם. איך וועל איהם בעטען.

שרה: טהוט טאַקע דאָס, ס׳איז אַ מצוה. ווען וועלען זיין די לויות?

1־טער איד: צוויי אַזייגער. אַלע פּאַפּירען זיינען שוין ביי אייך אין אָרדענונג?

ענמאַן: אין דערפּריה בין איך געווען אין פּאָליציי. אַ ערלויבעניש אויף די לויות וועט מען אַרויסגעבען אין אַ שעה אַרום. מיר וועלען נישט פאַרשפּעטיגען.

1־טער איד: (אַרויסגעהענדיג) יאָ, זיי האָבען זעהר פיל אַרבייט, זעהר פיל.

שרה: (געהט צו צו אהרנ׳ען מיט אַ טלית אין האַנט). טהו־אָן דעם טלית און דאַווען.

אהרן: איך וועל שוין קיינמאָל נישט אָנטאָן אויף זיך דעם דאָזיגען

טלית. איך קען דאָס מעהר נישט טאָן. אויב אין דער וויכטיגסטער מינוט האָט זיך גאָט אָפּגעקעהרט פון מיר . . .

ש ר ה: דו זינדיגסט זעהר. גאָט איז געווען מיט דיר דאָס גאַנצע לעבען. ער האָט דיר געגעבען גליק. ער האָט דיר געגעבען צופרידענ־הייט און אַ רוהיגען עלטער. ער האָט דיר איבערגעלאָזט אַ טאָכטער, וואָס מיט איהר מעג זיך ריהמען אַפילו ראָטהשילד'ס משפחה אַליין.

א ה ר ן: דו ווייסט, וואָס מ'זאָגט: גוטע פריינד דערקענט מען אין אַן אומגליק. גאָט דאַרף זיין אַ גוטער פריינד, ווען ס'איז געקומען די וויכטיגסטע מינוט אין מיין לעבען — האָט ער זיך אָפּגעקעהרט פון מיר. דאָס איז אַ גוטער פריינד? אָט אפילו פרעמדע מענשען קומען פון דער ווייט, געוואָהר ווערען וואָס מיר מאַכען . . .

ע נ מ אַ ן: איך בין איך נישט קיין פרעמדער.

א ה ר ן: נו . . . נו . . . פונדעסטוועגען וועט אַדורכגעהן נאָך פיל צייט, איידער איהר וועט מיר קאָנען פאַרטרעטען מיין זוהן . . .

4

(ס'קומט אַריין סילקין).

ס י ל ק י ן: וואָס מאַכט איהר? נו, ווי געהט דעם קראַנקען? (דערזעהענדיג די אַלגעמיינע אונטערדריקטע שטימונג, ווערט שטיל, פויזע), ווען?

ש ר ה: נעכטען ביינאַכט דריי אַזייגער. דריי אַזייגער אָהן צעהן מינוט.

ס י ל ק י ן: (וויל זיך איבער'צלמ'ען, כאַפּט זיך צוריק). אַנטשולדיגט. (ווישט דעם שטערן) יאָ. אַ היסטאָריע.

ש ר ה: ער איז ווי שטיל איינגעשלאָפען, הערר סילקין. און מיר האָבען לכתחילה אַפילו נישט באַמערקט. מיר האָבען געטראַכט, אַז ער שלאָפט. פּלוצלונג בויג איך זיך איין און זעה: נישטאָ קיין אָטעם.

ס י ל ק י ן: יאָ, איך בין זיך מודה, איך האָב דאָס נישט ערוואַרטעט. אַ וואוילער יונג געווען, אַ גוטער יונג.

א ה ר ן: אָט איז אַ גאַסט געקומען צופאָהרען — זיינער אַ גוטער פריינד פון פעטערבורג, ער האָט איהם אפילו נישט געזעהן לעבע־דיגערהייט.

ש ר ה: (ענמאַנ׳ען). דער הערר איז געווען אַזוי גוט און זיך אָנגעי
נומען פאַר אונז. אָהן איהם וואָלטען מיר . . .

ס י ל ק י ן: וואָס איז דאָ צו רעדען? ליגט אַ קראַנקער אין שטוב, און דאָ איז אַזאַ טומעל, גערודער . . . איך האָב זיי פאַרטריבען. אַ פאַרוואונדעטער דאַרף האָבען רוה. וואָס איז דאָ אַ סך צו רעדען? (שלאָגט פאָר ענמאַנ׳ען אַ פאַפּיראָס).

ע נ מ אַ ן: נייך, אַ דאַנק.

ס י ל ק י ן: די פאַפּיראָסען זיינען אייגענע, היימישע. אַ אומעט. זיצסט אַ גאַנצען אָוועגד, און . . . (ווערט אַנטשוויגען, דערמאָהנענדיג זיך). די לויה איז היינט?

ש ר ה: יאָ, צוזאַמען מיט די איבעריגע.

ס י ל ק י ן: די וואונד איז געווען נישט קיין געפעהרליכע. איך רעכען, אַז פיל האָט געשאַדט דאָס, וואָס ער האָט שטענדיג געגערווירט, געריסען זיך קיין פעטערבורג. (ענמאַנ׳ען) און וואָס, אין פעטערבורג איז פרעהליך?

ש ר ה: דאָקטאָר איינשטיין האָט אויך געזאָגט, אַז ס׳איז נישט קיין געפעהרליכע וואונד. נאָר מיר, אידען, האָבען דאָך אַ באַזונדער גליק.

ס י ל ק י ן: איינשטיין איז אַ גוטער דאָקטאָר. פאַרשטעהט. אַ גוטער. וואָס פאַר אַ אומגליקליך פאָלק איהר זענט, מוז איך זאָגען. (ענמאַנ׳ען) אַ שרעקליכער אומעט פאַלט אָן ביי אונז אין שטאָדט, ס׳אַ מיאוס׳ע שטאָדט. אַנטשולדיקט . . .

5

(קומט אַריין רבי אליהו, דער 1־טער איד און דער 2־טער איד. אַלע שטעהען אויף. סילקין, באַקלעהרענדיג זיך, שטעהט אויך אויף).

ש ר ה: אַ דאַנק אייך, רבי, וואָס איהר זענט געקומען צו אונז, אין הויז פון טרויער.

ר ׳ א ל י ה ו: איך קום איצט פון אַ הויז, וואו דער טרויער איז טיעפער פאַר אייערען. ביים זייגער־מאַכער גאָלדבלאָט האָט היינט ביי־נאַכט די עלטערע טאָכטער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. זי האָט זיך אויפגעהאָנגען.

ח נ ה: דאָראָ גאָלדבלאָט האָט זיך אויפגעהאַנגען?

1 - ט ע ר א י ד: פון איהר האָט זיך אָפּגעזאָגט דער חתן.

2 - ט ע ר א י ד: איהם קען מען אויך נישט באַשולדיגען... ס'פאַרשטעהט זיך... ווי האָט מען געקאָנט מיט איהר חתונה האָבען?

א ה ר ן: ר' אליהו, צו קען מען דען דעם טרויער אויסמעסטען מיט אַ מאָס און אַ צאָהל? ווען איך וואָלט האָבען דריי זיהן און איך וואָלט זיי אַלע דריי פאַרלוירען איינעם נאָכ'ן אַנדערען — וואָלט מיין אומגליק נישט געווען גרעסער.

1 - ט ע ר א י ד: ער וויל נישט מתפלל זיין, רבי אליהו.

2 - ט ע ר א י ד: אַלץ וועט אַריבערגעהן, אַלץ וועט זיך באַרוהיגען... מ'דאַרף נאָר אונטערוואַרטען.

א ה ר ן: איך וויל נאָר וויסען: פאַרוואָס?

ר' א ל י ה ו (שטאַרק): איהר זענט אַ חוצפה'דיגער מענש און נישט קיין קלוגער איד.

א ה ר ן (אויך שטאַרק): נישט איך האָב דאָס געפרעגט. נישט איך, נאָר זי, מיין אַלטע. זי האָט דאָס גאַנצע לעבען איהרען געליטען און קיינמאָל ניט אויפגעהויבען איהר קול... איינמאָל אָבער, נאָר איין מאָל האָט זי אויפגעהויבען איהר שטימע און געפרעגט: „פאַרוואָס?" איך בין מתפלל געווען, איך בין די גאַנצע צייט מתפלל געווען. נאָר דאָ האָב איך אויפגעהערט מתפלל צו זיין און אָנגעהויבען צו וואַרטען: וועט זי באַקומען אַן ענטפער, צי ניין? און אָט איז דער ענטפער: ער ליגט דאָרט אויפ'ן פאָל.

ש ר ה: מסתמא האָב איך נישט באַדאַרפט פרעגען.

ר' א ל י ה ו (ווייכער): איהר זענט אַן אַלט קינד, ר' אהרן.

2 - ט ע ר א י ד: אַלץ וועט זיך איינאָרדענען. מאַלע וואָס ס'טרעפט זיך.

א ה ר ן: ביז וואַנען מ'וועט מיר נישט ענטפערען, וועל איך נישט מתפלל זיין.

ר' א ל י ה ו: איהר זענט אַן אַלט איינגעשפאַרט קינד. איהר פרעגט צופיל, זאָג איך אייך — זייט נאָר פאַרזיכטיג. עס קאָן זיין, איהר וועט טאַקע באַקומען אַן ענטפער.

2 - ט ע ר א י ד (דעם ערשטען): איהר הערט, וואָס ער זאָגט?

1 - ט ע ר א י ד: ער זאָגט נביאות.

א ה ר ן: אָמן. אַזוי זאָל זיין.

ר׳ א ל י ה ו: איך האָב מעהר פאַר אייך געלעבט אויף דער וועלט, מעהר געזעהן און מעהר נסיונות בייגעשטאַנען. ס׳זיינען פאַראַן גאַנצע פעלקער, וואָס תיכף פון וויגעל וואַרטען שוין אויף זיי צרות און יסורים. אַ זוהן פון אַזאַ פאָלק, געבוירענדיג ווערען אויף דער וועלט, דאַרף שוין זיין גרייט צו דעם, אַז איהם ערוואַרט אומגליק. אויב ער האָט אַ הויז, קען איהם דער פייער פאַרברענען. אויב ער האָט רייכקייט, חפצים, קען ער יעדע מינוט ווערען אַן אָרימאַן. אויב ער האָט קינדער — וועט ער זיי פאַרלירען. אַזוי קומט שוין פאַר מיט אונז אַ סך הונדערטער יאָהרען. און אויב מיט עמיצען פון אונז קומט דאָס נישט פאָר, איז דאָס נאָר אַ גליקליכער צופאַל.

א ה ר ן: פאַרוואָס־זשע איז דאָס אַזוי?

ר׳ א ל י ה ו: אידען זיינען דאָס עלטסטע פאָלק. מיר זיינען די אַלטע מחנה אַרום טהראָן.

א ה ר ן: אַ! אַרום זיין טהראָן!

ר׳ א ל י ה ו: און דאָרט וואו ס׳ווערען אויסגעטיילט די אומגליקען, זיינען מיר שטענדיג די ערשטע. זיין אומגליקליך — דאָס איז אַ הויך עהרען־פליכט, און דאָס יונגוואַרג — די יונגע פעלקער, האָבען דאָס נאָך נישט פאַרדינט. אויב אין אַ משפחה זאָל פאָרקומען עפּעס זעהר וויכטיגעס, וועט איהר דאָך שיקען איינאָרדנען די זאַך דעם קליגסטען, פלייסיגסטען, און ניט דעם נאַרישסטען און פוילען.

2 - ט ע ר א י ד: הערט, וואָס ער רעדט.

ר׳ א ל י ה ו: דאָס אידיש פאָלק איז אַ אויסערדערוועהלט פאָלק. וואָס באַדייט דאָס? דאָס באַדייט, אַז ווען ס׳כמאַרעט זיך דער הימעל, דאַרפען מיר די ערשטע צונעהמען דעם בליץ, אַרויפנעהמען דעם צאָרן אויף זיך אַזוי, אַז אויפ׳ן חלק פון אַנדערע זאָל אויסקומען שוין ווייניג. איז דאָס נישט קיין גרויסער כבוד?

1 - ט ע ר א י ד: ס׳איז זעהר אַ ביטערער כבוד.

א ה ר ן: ר׳ אליהו, איהר פאַרגעסט, אַז שטאַרקער פון גאָט שלאָגען אונז מענשען. אָי, ווי זיי שלאָגען אונז! שרעקליך צו לעבען, ר׳ אליהו.

ר׳ א ל י ה ו: יעדעס מאָל . . .

2־טער איד: ער האָט געזאָגט ריכטיג. ער איז גערעכט.

1־טער איד: שטיל זאָל זיין.

ר׳ א ל י ה ו: יעדעס מאָל, ווען מענשען הויבען זיך אָן צו קריגען מיט גאָט, שרייען צו איהם אָדער פאָדערען פון איהם, שטעלט זיך אויף זייער וועג דאָס אידענטום, דער אַלטער שטאָם — די אַלטע מחנה אַרום דעם אייביגען טראָהן. ווען מ׳באַפאַלט עמיצענס הויז, ליידען קודם־כל די אַלטע דינער. זיי נעהמען צו די ערשטע קלעפּ, אַלס טרייע דינער. אַזוי איז געווען פון אייביג, און אַזוי וועט פאַרבלייבען אויף אייביג. אַ לאַנגער וועג שטעהט פאַר דער מענשהייט, און נאָך פיל אידיש בלוט וועט פאַרגאָסען ווערען.

א ה ר ן: דאָס איז אַ אומגערעכטיגקייט.

ר׳ א ל י ה ו: אָבער דאָס איז אַ כבוד! ווייסט איהר, ר׳ אהרן, אַז דאָרט וואו מ׳פאַרגיסט דאָס בלוט פון אידישען פאָלק — דאָרט ווערט געבוירען די אַלגעמיין־מענשליכע פרייהייט; דאָרט ווערט פאַר־זייעט נייעס פאַר אַלעמען. מענשליך בלוט, אַזוי ווי טהייערער ווין, איז צוגאָסען איבער׳ן קערפּער פון מענשען, אַזוי ווי אין כלים. דאָס בלוט, פּונקט ווי ווין: וואָס עלטער דאָס איז — ווערט עס אַלץ טייערער, אַלץ קאָסטבאַרער. ווען איהר טראָגט אַרויס פון קעלער אַ מיט מאָך פאַרוואַקסענע פלאַש אַלטען, הונדערטיעהריגען ווין און אומ־גערן צוברעכט איהר די פלאַש, פאַרפולט זיך די לופט מיט אַ זעל־טענעם בשמים ריח. נו, און ווען איהר צוברעכט אַ כלי, אין וועלכער ס׳איז געווען אַ נאָך מעהר טייערע פליסיגע זאַך...

ש ר ה: צובראָכען די כלי! צובראָכען!

ר׳ א ל י ה ו: טייערע, גאָלדען בלוט, — צי קען דאָס אַדורכ־געהן אַזוי, אָהן קיין שום פאָלגען? דער גייסט, וואָס האָט זיך אַרויסגע־ריסען פון דער פינסטערער געפענגעניש, טראָגט זיך אין דער לופטען און וועט זיך ערגעץ־וואו אַראָפּלאָזען, ווי אַ פויגעל אויף אַ אומבאַ־וואוסטען ערד־טייל. וואו — אַלץ איינס. פון די אידישע בית עלמינס ווערט געבוירען דער פרייהייטס־גייסט. אין דעם איז אונזער אומגליק, נאָר אויך אונזער טיפער, טרויעריגער גליק. איך געה אַוועק, ר׳ אהרן. מען וואַרט אויף מיר אין אַנדערע הייזער. דאַוועגט. זייט

געזונט! (געהט אַרויס; דער 1־טער און 2־טער איד מיט אַכטונג נאָך איהם).

ע נ מ אַ ן (חנה׳ן): וואָס איז מיט אייך?

ח נ ה: דאָרט גאָלדבלאַט האָט זיך אויפגעהאַנגען.

ס י ל ק י ן: גאָלדבלאַט... דאָס איז די זעלבע... וועלכע... אַ געשיכטע, מוז איך אייך זאָגען.

ע נ מ אַ ן: איך פאַרשטעה איצט, איך פאַרשטעה אַלץ. (געהט אָפּ אין גרויסער אויפרעגונג).

ש ר ה: וואָס־זשע האָט זי געזאָלט טאָן?

ח נ ה: דער חתן האָט זיך דערוואוסט, און ער האָט נישט געדאַרפט וויסען. דאָס איז אַלץ. קיינער דאַרף נישט וויסען. דאָס איז די זאַך.

א ה ר ן: גוט. אָבער וואו איז מיין זוהן? ער איז אַ קלוגער איד, דער רב ר׳ אליהו, זאָל ער מיר אָבער אומקעהרען מיין זוהן. זאָל ער מיר אומקעהרען מיין זוהן, וועל איך גלויבען דעם רב. וואָס? צו־ברעכען די כלי מיט׳ן טייערען וויין — האָט דאָס עפּעס אַ זין? נו, יאָ, אויסגעגאָסענע וויין פילט־אָן די וואוינונג מיט אַ גוטען ריח. אָבער איך פרעג: צו וואָס דאַרף מען איהם אויסגיסען? ר׳ אליהו געפינט תירוצים צו דעם, וואָס איז שוין פאָרגעקומען, אָבער צו וואָס איז דאָס פריער פאָרגעקומען? צו וואָס? זאָל ער ענטפערען אויף דעם. ער טרייסט מיך: עס וועט זיין גוט דאָרט, ווען ס׳איז, אין דער ווייטער צוקונפט. נאָר שוין פילע דורות פאַלען אויף אונזערע קעפּ אומגליקען. און מ׳זאָגט אונז אַלץ: ווייטער וועט שוין זיין בעסער, ווייטער וועט זיין בעסער. ווען? ווען? איך גלויב נישט אין דעם. איך וועל נישט דאַווענען.

6

(קומט אַריין אַ מענש. חנה, דערזעהענדיג איהם, שטעלט זיך אָפּ, ווערט בלאַס, קוקט אויף איהם, נישט אַראָפּנעהמענדיג די אויגען).

ד ע ר מ ע נ ש: דאָ וואוינט שיפער? מ׳פרעגט וועגען דער קבורה.

ע נ מ אַ ן: דאָ. וואָס איז?

מ ע נ ש: (דערזעהענדיג סילקינ׳ען, נעהמט אַראָפּ דאָס היטעל)

מ׳בעט איהם באַלד קומען צו דער פּאָליציי.

א ה ר ן: איך קען נישט געהן. (געהט אַוועק).

ש ר ה: וואָס איז?

ע נ מ אַ ן: מסתמא עפּעס אַ פאָרמאַליטעט מיט די פּאַפּירען.

מ ע נ ש: איך ווייס נישט. ער׳ט באַלד קומען. איהר זענט זיין פרוי?

ש ר ה: איך געה (טהוט אַן אַ טוך).

מ ע נ ש (חנה׳ן): וואָס איז אַזוינס? וואָס קוקט איהר?

ח נ ה: דערקענסט נישט?

מ ע נ ש: וואו, פון וואַנען? קיינמאָל נישט געזעהן (קעהרט זיך אום).

ח נ ה: אויף שאָסיי־גאַס... דו... דו..

מ ע נ ש: (פלוצלונג, גראָב) וואָס, אויף שאָסיי־גאַס? איך ווייס פון קיין זאַך נישט. טשעפּעט זיך. נו... (שרה׳ן) נו, וואָס, איהר געהט? (געהט אַוועק מיט שרה׳ן).

ח נ ה: ער...

**7**

(ענמאַן קומט אַריין)

ע נ מ אַ ן: ביי אייך איז עפּעס פאָרגעקומען מיט איהם? ער האָט אייך באַליידיגט? וואוהין געהט איהר אַוועק?

ס י ל ק י ן: איהר וועט פאַלען. זי פאַלט.

ח נ ה: ער... געהט נישט נאָך מיר, איך בעט אייך — געהט נישט נאָך מיר. (געהט אַרויס).

ס י ל ק י ן: אַן אומגליקליך פאָלק זענט איהר, עהרען־וואָרט. וואו זעהט מען דאָס? פּשוט אָהן אַ סוף.

ע נ מ אַ ן: צו דען האָט איהר נאָר אַצינד באַמערקט אונזערע טרעה־רען? מיר וואוינען זייט־ביי־זייט מיט אייך אַזוי פיל הונדערטער יאָה־רען, און ריכטיג ווי אַ שטייענרנע וואַנט וואָלט זיין צווישען אונז...

ס י ל ק י ן: איהר פאַרדעקט אַלץ, באַהאַלט זיך, גאָט ווייס אייך.

ע נ מ אַ ן: צו וואָס זאָל מען שרייען וועגען די צרות. אַלץ איינס וועט קיינער נישט דערהערען. און אויב מ׳וועט דערהערען, וועט מען פאַרבייגעהן.

ס י ל ק י ן: אַן אומגליקליך פאָלק!

## 8

(חנה, קומט אַריין אין טיר).

ח נ ה: וואָס האָט ער געזאָגט?
ע נ מ אַ ן: ווער?
ח נ ה: ער... דערזעלבער, וואָס איז נאָר וואָס געווען.
ע נ מ אַ ן: מ׳דאַרף לעאָנ׳ס דאָקומענטען.
ח נ ה: ווייטער גאָר נישט?
ס י ל ק י ן: ניין.
ע נ מ אַ ן: פאַרוואָס אינטערעסירט ער אייך אַזוי שטאַרק?
ח נ ה: וואו איז דער פאָטער... אַה, יאָ, אַ בריף...
ע נ מ אַ ן: אַ בריף?
ח נ ה: איצט קען איך שוין וועגן דעם רעדען... כ׳האָב פאַרגעסען. לעאָן האָט מיר פאַר׳ן טויט איבערגעגעבען אַ בריף...
ע נ מ אַ ן: וואו איז ער?
ח נ ה: כ׳האָב איהם באַהאַלטען. ער וועט נאָך קומען?
ע נ מ אַ ן: כ׳וויס נישט... ניין...
ח נ ה: (פלוצלונג). דו קענסט מיך אַוועקפיהרען פון דאַנען תיכף, דיזעלבע מינוט? לאָמיר אַוועקפאָהרען פון דאַנען.
ע נ מ אַ ן: וואוהין־זשע זאָלען מיר אַוועקפאָהרען?

## 9

(1־טער איד קומט אַריין).

1 ־ ט ע ר א י ד: נו, וואָס? מ׳דאַרף שוין באַלד אַרויסטראָגען.
(חנה געהט אַרויס).
ע נ מ אַ ן: מיר האָבען נאָך נישט קיין ערלויבניש פון דער פאָליציי.
1 ־ ט ע ר א י ד: איך זאָג דאָך אייך. זיי האָבען היינט זעהר פיל אַרבייט.
ע נ מ אַ ן: די לויה וועט זיך באַלד אָנהויבען?
1 ־ ט ע ר א י ד: באַלד. איך וועל זאָגען דער חברה קדישא. די דאָקומענטען וועט מען דערנאָך אָפּנעהמען (געהט אַרויס).

ס י ל ק י ן : איך געה. איהר וואָלט כאָטש אַריינגעהן צו מיר אַביסלע פלוידערען. איך וועל אייך שפּילען אויף דער פּיאַנאָ. אַליין אויסגע־לערענט זיך, שפּיל אָהן נאָטען. קומט אַריין. (געהט אַרויס).

10

(קומט אַריין חנה מיט'ן בריף).

ע נ מ אַ ן : וואָס האָט ער אָנגעשריבען ?

ח נ ה : כ'פאַרשטעה נישט (דערלאַנגט דעם בריף).

ע נ מ אַ ן (לייענט) : משונה'דיג.

ח נ ה : ער האָט געבעטען דורכלייענען נאָר נאָך זיין טויט.

ע נ מ אַ ן : כ'פאַרשטעה נישט. צומישטע געדאַנקען . . .

ח נ ה : יאָ . . . איך ווייס נישט (פּויזע) . . . איך וויל אייך עפּעס דער־צעהלען.

ע נ מ אַ ן : וועגען דעם מענש, וואָס איז איצט דאָ געוועזען.

ח נ ה : (שנעל). פון וואַנען נעהמט איהר דאָס ? יאָ, וועגען איהם.

ע נ מ אַ ן : דערנאָך. אַן אַנדערש מאָל.

ח נ ה : דערנאָך וועט זיין צו־שפּעט.

ע נ מ אַ ן : איך וויל קיין זאַך נישט וויסען.

ח נ ה : איך קען נישט מעהר. פאַרשטעהט, איך קען מיהר נישט שווייגען. מיך שטיקט. פאַרוואָס ווילט איהר נישט אויסהערען ? מיר וועט ווערען לייכטער.

ע נ מ אַ ן : און מיר ?

ח נ ה : יעקב, איהר ווייסט, ווער איז דער מאַן !

ע נ מ אַ ן : ווער איז ער ?

ח נ ה : יעקב, יעקב, יעקב — —ער איז מיין מאַן . . . ער איז מיין — „געליבטער״ . . . איך ווייס נישט, ווי צו זאָגען. אַ מאַן, נאָר מיר האָבען נישט חתונה געהאַט. איהר פאַרשטעהט ? איהר פאַרשטעהט ?

ע נ מ אַ ן : דאָראַ גאָלדבלאַט ?

ח נ ה : יאָ, אַזוי ווי דאָראַ גאָלדבלאַט. איצט ווייסט איהר אַלץ. כ'האָב געוואָלט דאָס פאַרבאָרגען. ווער ווייס ? קיינער נישט. כ'בין ווי אַלע מיידלעך. קיינער נישט, איך בין ווי אַלע. און פּלוצלונג

קומט ער אַריין, ער קומט אַריין. איצט ווייסט איהר אַלץ. נו, וואָס שווייגט איהר ? נו, שלאָגט מיך.

ע נ מ אַ ן : איך קען נישט הערען אייערע רייד.

ח נ ה : געהט אַוועק פון מיר. אַנטלויפט. כ׳האָב אייך געוואָלט אָפּ־נאַרען. כ׳בין אַ נידריגע, געמיינע.

ע נ מ אַ ן : צו־וואָס, צו־וואָס רעדט איהר דאָס ? נאָך מעהר וועל איך ווערען צוגעבונדען צו אייך. נאָך טייערער זענט איהר מיר געוואָרען.

ח נ ה : כ׳האָב געוואָלט לייקענען. אָבער אפילו קיין איין מינוט האָב איך נישט געקענט פאַרגעסען. דאָס זיצט אין מיר, שטענדיג אין מיר.

ע נ מ אַ ן : איך וועל אייך נישט אָפּלאָזען, שוועסטער מיינע, מיין אומגליקליכע חנה. נישט ריכטיג וואָס איהר האָט דערצעהלט. ס׳האָט זיך אייך גע׳חלומ׳ט. ס׳איז אַ שלעכטער חלום.

ח נ ה : אָך, ווען דאָס זאָל געווען זיין נאָר אַ חלום.

ע נ מ אַ ן : וואָס האָט זיך דען געטראָפען ? גאָר נישט, נאָך נייע טרעהרען זיינען געפאַלען — אָט און נישט מעהר. ריינע טרעהרען, ווי פּערל. טרעהרען פון אַ געפּייניגטער אידישער טאָכטער. קיין זאַך איז נישט פאַרגעקומען. נאָך טייערער זענט איהר אונז אַלעמען גע־וואָרען. קוקט, ווי איבער׳ן קערפּער פון דאַרע גאָלדבלאַט ווינען אפילו פרעמדע. ווי מיר וואָלטען פאַרלוירען די טייערסטע, די געליבסטע שוועסטער אונזערע.

ח נ ה : נאָך איינע איז איבערגעבליבען.

ע נ מ אַ ן : נישט איינע, אָה, נישט נאָר איינע. זיי אַלע זיינען נענטער געוואָרען צום האַרצען פון פאָלק.

ח נ ה : פאַרוואָס נענטער ?

ע נ מ אַ ן : ווייל מ׳וועט דערפיהלען אין אייך דיליידען פון אונז אַלעמען, פונ׳ם גאַנצען פאָלק. נישט איהר ווינט און פאַרבאַהאַלט שטאָלץ אייערע טרעהרען — די אומגליקליכע ערד קרעכצט : זי איז געשענדעט, זי איז צוריסען.

ח נ ה : געשענדעט שטעה איך דאָ.

ע נ מ אַ ן : זיינען דען יסורים נישט קיין עהרע ? ברכות וועט מען שיקען אייך, אויף אייער קאָפּ. אומבאַוואוסט וואו — גאָט ווייס אין וואָסערע ווינקעלעך — וועט מען זאָגען : אָט וואָס ס׳איז פאָרגעקומען

מיט די שענסטע און בעסטע טעכטער פון אונזער פאָלק. און אויפ׳ן אַנדערען עק וועלט — גאָט ווייס וואו — וועלען פרומע זקנים מתפלל זיין פאַר אייך, חנה.

**חנה:** וואָס בין איך? אַ שטויב. ווער באַמערקט מיך? אַזויפיל אומגליקען, אַזויפיל צרות. וואָס איז דערין, אויב דאָס איז פאַרגע־קומען מיט מיר! איך לייד. איך לייד אַליין. איך באַהאַלט זיך. זאָל נאָר דער פאָטער נישט געוואָהר ווערען. ליבער פאָטער, אַזאַ וואוילער, אַזאַ אומגליקליכער. אָך, פאַרוואָס האָט דאָס איהם געטראָפען?

**ענמאַן:** צו־וואָס דאַרף ער וויסען? מ׳דאַרף נישט.

**חנה:** איך אַליין. איך אַליין. איהר דאַרפט אויך פאַרגעסען.

**ענמאַן:** איך האָב פאַרגעסען.

**חנה:** נו, יאָ, געוויס. מ׳דאַרף נישט (ענמאַן שטרעקט איהר אויס די האַנט) געוויס (זי דערלאַנגט איהם די האַנט). איך וועל זיך ווי עס איז באַרוהיגען . . .

**ענמאַן:** איהר האָט נישט פאַרשטאַנען.

**חנה:** וואָס האָב איך נישט פאַרשטאַנען?

**ענמאַן:** (נישט אַרויסלאָזענדיג די האַנט). כ׳מיין אייער האַנט . . .

**חנה:** מיין האַנט . . . צו וואָס . . . (פלוצלונג פאַרשטייענדיג, האָקט איבער ערשראָקען) ניין. (שרייט). ניין!

**ענמאַן:** איהר האָט מיר נעכטען געגעבען דאָס וואָרט.

**חנה:** יאָ, נעכטען.

**ענמאַן:** וואָס־זשע איז פאָרגעקומען? איך ווייס נישט, וואָס איז פאָרגעקומען?

**חנה:** ניין, איך קען נישט, יעקב.

**ענמאַן:** איך וועל נישט אָפּטרעטען, איך וועל נישט אָפּטרעטען פון אייך. איך וועל וואַרטען ביז וואַנען איהר וועט צושטימען. איך וועל רעכענען: ס׳קען זיין מאָרגען, ס׳קען זיין אין אַ חודש אַרום אָדער אין אַ יאָהר! נאָר איך וועל נישט אַוועקגעהן.

**חנה:** ס׳קען זיין איהר זאָגט נאָר אַזוי, כדי מיך נישט צו באַליי־דיגען.

**ענמאַן:** מיט מיין גאַנצער נשמה בין איך מיט אייך. ס׳איז נישטאָ קיינער, וואָס זאָל מיר זיין טייערער פאַר אייך.

**ח נ ה:** דאָס איז אוממעגליך.

**ע נ מ אַ ן:** פאַרוואָס?

**ח נ ה:** אַזאַ גוטער. איך ליב אייך נישט... (דריקט זיינע הענט. לעגט־צו צו זיי איהר געזיכט). איך ליב אייך נישט... אַזאַ פיינער. מיר ווילט זיך קושען אייערע הענט (קושט).

**ע נ מ אַ ן:** וואָס טהוט איהר?

**ח נ ה:** פונדעסטוועגען ליב איך אייך נישט. נעכטען האָב איך בכיון געזאָגט. איך ליב אייך נישט. ניין! בכיון, כדי איהר זאָלט חתונה האָבען מיט מיר.

**ע נ מ אַ ן:** איך וועל וואַרטען.

**ח נ ה:** וויפיל־זשע וואַרטען? וואָס וואַרטען? ביז איך וועל פאַר־געסען די נאַכט אויף שאָסיי־גאַס?

**ע נ מ אַ ן:** איך וועל אַלץ וואַרטען.

**ח נ ה:** איך וועל קיינמאָל נישט קלעהרען, אַז איהר האָט זיך גע־פיהרט נישט איידעל און אָרענטליך. זאָגט זיך אָפּ. נעהמט צוריק אייער וואָרט.

11

(**אהרן** קומט אַיין, שטעלט זיך אָפּ אַפּאַטיש, דערנאָך הויבט ער אָן איינצוהערען זיך).

**ח נ ה:** פאַר אונזערע וועלען מיר מאַכען אַן אָנשטעל, ווי איך וואָלט אייך אָפּגעזאָגט. עס קען זיין, איהר האָט מורא, איך זאָל נישט טאָן, וואָס דאָראַ גאָלדבלאַט האָט געטאָן? ניין, דאָס וועט נישט זיין, באַרוהיגט זיך.

**א ה ר ן:** דאָראַ גאָלדבלאַט?

**ח נ ה:** דו האָסט געהערט?

**א ה ר ן:** ס׳האָט זיך עפּעס געטראָפען מיט דיר. דערצעהל. זאָל ער דאָרט דערהערען אויך דאָס!

**ח נ ה:** זאָל ער דערהערען. פאָטער, רעד אָפּ יעקב׳ן: ער וויל מיט מיר חתונה האָבען. רעד איהם אָפּ ער זאָל דאָס נישט טאָן.

**א ה ר ן:** פאַרוואָס טאָר מען מיט דיר נישט חתונה האָבען?

חנה: ווייל איך בין, ווי דאָרא גאָלדבלאַט... און מיט אַזעלכע האָט מען נישט חתונה. איך האָב פאַר אייך אַלע געלייקענט, פאַרבאַהאַלטען. איך בין דאַמאָלסט ניט געווען ביי מיינע פריינד! אויף שאָסיי־גאַס איז מען מיך באַפאַלען . . . איך האָב געוואָלט זיך אויפהענגען . . . מיט מיר טאָר מען נישט חתונה האָבען.

(אונטער דער סצענע — די לויה־פּראָצעסיע. ס׳הערט זיך אַ קלאַנג פון מטבעות אין אַ בלעכערנער פּושקע).

אהרן: (פאַלט־צו צו איהר מיט אַ יאָמער). טאָכטער מיינע. מיין שעהנע טאָכטער (קושט אויפ׳ן פּאָל איהר קלייד). מיין ריינע מיידעלע, בריליאַנט מיינער . . .

חנה: (כליפּעט). וואָס האָבען זיי מיט מיר געטאָן! פאַרוואָס? פאַרוואָס?

אהרן: דו הערסט? ווידער די פראַגע: פאַרוואָס? אָדער דו ועסט ווידער זיך מאַכען פאַר אַ טויבען? איך גלויב נישט דיין שוויי־גען. דאָס צווייטע מאָל פרעגט מען דיך, און ווידער נישט איך. און ווידער אַ פרוי, נו, ענטפער־זשע. דו מוזט ענטפערען. אַלץ די זעלבע קורצע פראַגע, זי איז ביי אַלעמען אויפ׳ן צונג. און מ׳האָט נאָך גע־וואָלט, אַז איך זאָל מתפלל זיין, איהם דאַנקען. גענוג! איך בין שוין מיד צו האַלטען מיין קאָפּ איינגעבויגען. וואָס האָסטו געטאָן מיט מיינע קינדער? גיב אַן ענטפער, דו!

12

(ס׳קומען אַריין אידען. אַ טומעל).

1־טער איד: ס׳איז שוין צייט, ר׳ אהרן, שוין צייט.

2־טער איד: די פּראָצעסיע האָט זיך שוין אָנגעהויבען.

(געהען אין צווייטען צימער).

13

(שרה קומט אַריין).

שרה: מ׳טאָר נישט. מ׳טאָר איהם נישט מקבר זיין.

פאָרהאַנג.

## דריטער אַקט

דער זעלבער צימער. עס ווערט אָוונד.

1

**שרה** און דער 1־טער **איד**.

**ש ר ה:** (זיצט, דערשלאָגען, אויף אַ נידעריג בענקעל, ווישט די טרערען, וועלכע פליסען כמעט אומגערן). **אַלע האָבען זיך מיט אַמאָל פון אונז אָפּגעקעהרט. אַ דאַנק אייך, וואָס איהר זענט אַריינגעקומען.**

**1 ־ ט ע ר א י ד: פאַרוואָס־זשע זאָל מען נישט אַריינגעהן צו אָרענטליכע אידען. צי דען זענט איהר דערפון ערגער געוואָרען?**

**ש ר ה: פאַרוואָס־זשע האָבען אַלע, אַלע אונז פאַרלאָזען?**

**1 ־ ט ע ר א י ד: איהר זענט געוואָרען נאָך מעהר אומגליקליך, אָבער נישט ערגער זענט איהר געוואָרן** (מיט אַ נידעריגער שטים). **נו, און ווי איז מיט'ן אַלטען?**

**ש ר ה: ער האָט זיך פאַרשלאָסען. ווי נאָר ער איז געוואָהר גע־וואָרען, איז ער אַוועק צו זיך.**

**1 ־ ט ע ר א י ד: און ביז איצט איז ער נישט אַרויסגעגאַנגען?**

**ש ר ה: ניין... איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אינגאַנצען אַליין...**

**1 ־ ט ע ר א י ד: און די טאָכטער אייערע?**

**ש ר ה: זי איז אַוועק אויפ'ן בית־עולם צוזאַמען מיט ענמאַנ'ען און מיט'ן אָפּיצער. איך בין אַליין אין גאַנצען הויז.**

**1 ־ ט ע ר א י ד: אויף וועלכען בית־עולם? אויף אונזערען?**

**ש ר ה: ניין, אויף זייערען.**

**1 ־ ט ע ר א י ד: און ס'איז געווען אַ גלח? אַי־אַי־אַי. נישט גוט, עס קען זיין, איהר זיצט אַזוי, ווי איהר וואָלט באַווײנט אַ איד.**

**ש ר ה: כ'ווייס נישט. ס'קען זיין, איך טהו נישט גוט. נאָר גאָט וועט מיר מוחל זיין. איך באַוויין מיין זוהן, און אויב מ'האָט איהם מקבר געווען נישט אויפ'ן אידישען בית־עולם צוזאַמען מיט אַנדערע, לייד איך דען דערפון ווייניגער?**

**1 ־ ט ע ר א י ד: מ'זאָגט, ביי אונז אויפ'ן בית־הקברות איז געווען**

אַן עולם פֿון צוואַנציק טויזענט. די גאַנצע שטאָדט איז דאָרט געווען. וואָס פֿאַר אַ קרעכצען זיינען געשטאַנען אין דער לופֿט! אַלע האָבען געוויינט, אידען, זקנים מיט ווייסע בערד האָבען געכליפּעט ווי קליינע קינדער... דער רב ר׳ אליהו איז געפֿאַלען אין חלשות. און ווען ער איז אַוועק פֿון בית־עולם, האָבען פֿילע געהערט, ווי ער האָט געזאָגט: „אין גיכען וועל איך זיך זעהן מיט זיי״.

ש ר ה: און נאָך מיין זוהנ׳ס אָרון זיינען נאָכגעגאַנגען נאָר דריי מענשען.

1 ־ ט ע ר א י ד: און ווען דער כאָר האָט אָנגעהויבען זינגען, האָט זיך מיר געדוכט, אַז ביי מיר פֿלאַצט דאָס האַרץ. איהר קענט דאָך אונזער גוטען כאָר. אויסער דעם האָט ר׳ אליהו געבראַכט מיט זיך ספּעציעל אַ חזן פֿון ווילנע. אַה, זינגט ער!... פּסס... נישט מענשען, נאָר מלאכים האָבען געזונגען וויינענדיגע תפילות. און איבער דאָראַ גאָלדבלאַט׳ס קבר איז געווען אַזאַ חליפּעריי, אַז פֿיל פֿרויען זיינען גע־פֿאַלען אין חלשות.

ש ר ה: ר׳ שמחה, איהר וועט קיינמאָל נישט קענען פֿאַרשטעהן, וויפֿיל איך לייד.

1 ־ ט ע ר א י ד: אַ שרעקליכע היסטאָריע. אַ שרעקליכע.

ש ר ה: ווען איך זאָל דאָס כאָטש וויסען פֿון פֿריהער. דאָס איז מיר אפילו אויפ׳ן זינען נישט אַרויפגעקומען. געהט אַריין אַ מענש און זאָגט: דאָ וואוינט שיפער? דוכט זיך, איהר זענט דענסמאָל געווען.

1 ־ ט ע ר א י ד: ניין. נו, נו.

ש ר ה: „וואָס איז״? „מ׳בעט באַלד קומען צוגעהן״.

1 ־ ט ע ר א י ד: קיין גוטס וועט שוין מסתמא נישט אַרויסקומען.

ש ר ה: איך געה. איך קלעהר, ס׳איז אודאי עפּעס וועגען די דאָ־קומענטען. ער געהט אַליין אַריין און קוקט נישט אין די אויגען.

1 ־ ט ע ר א י ד: געוויס. נו, געוויס.

ש ר ה: און זאָגט מיר: „דאָ איז אַרויסגעקומען אַ טעות. אייער זוהן טאָר מען נישט מקבר זיין אויפ׳ן אידישען בית־עולם. ער איז אַ פּראַ־וואָסלאַוונער, אַ געטויפטער״. איך האָב לכתחילה געמיינט, אַז זיי זיינען זיך טועה. נאָר ער האָט געוויזען די פּאַפּירען. שוין זיבען יאָהר, אַז לעאָן האָט דאָס געטאָן.

1 - טער איד: אײַ־אײַ־אײַ. און קיינער האָט גאָר נישט געוואוסט. אײַ־אײַ־אײַ.
שרה: איך האָב די פּאַפּירען פריהער גאָרנישט געזעהן. און ווער קוקט דען? ווער האָט דאָס געקענט וויסען? ס'איז דאָך שוין זיבען יאָהר, אַז ער איז אפילו נישט געקומען צופאָהרען צו אונז. אַצינד פאַרשטעה איך, פאַרוואָס.
1 - טער איד: איך האָב געמיינט, אַז מיט'ן אַלטען וועט זיין ער־גער, ווען ער וועט געוואָר ווערען.
שרה: ער האָט געשוויגען, כאָטש איין וואָרט. ער האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן, האָט אָבער נישט געקענט. זיצט ביי זיך.
1 - טער איד: אפשר אַריינגעהן צו איהם.
שרה: די טיר איז פאַרשפּאַרט. ווען זיי זיינען געקומען מיט אַ פּראָסטען געלען אָרון פון פּאָליציי, האָב איך אָנגעקלאַפּט צו איהם, גע־זאָגט: „געה געזעגען זיך מיט'ן זוהן".
1 - טער איד: נו, און וואָס האָט ער געענטפערט?
שרה: ער האָט געענטפערט: „גיב איהם איבער אַ גרוס פון מיינעטוועגען".
1 - טער איד: און ער איז טאַקע נישט אַרויסגעגאַנגען?
שרה: ניין.
1 - טער איד: ער איז אַ פרומער איד. איך וועל פּרובירען דורכשמועסען זיך מיט איהם. נישט גוט, אויב ער איז דאָרט אַלץ אַליין. גאָט ווייס, וואָסערע געדאַנקען עס קענען איהם קומען אין קאָפּ אַריין. ער איז דאָ? (ווייזט אָן).
1 - טער איד: (קלאַפּט מיט מורא. פויזע. קלאַפּט העכער). ר' אהרן.
אהרנ'ס שטימע: גיב איהם איבער אַ גרוס פון מיינעטוועגען. איך האָב שוין געזאָגט.
שרה: דאָס זעלבע.
1 - טער איד: איהר האָט אַ טעות. דאָס בין איך. נישט גוט ר' אהרן. איהר האָט פאַרלאָזען אייער פרוי לחלוטין אַליין (פויזע). צי קען מען דען זיך אַזוי פיהרען מיט אַן אַלטער פרוי?
אהרנ'ס שטימע: און ער איז שוין נישטאָ?

ש ר ה: ער פרעגט דאָס וועגען זוהן.

1 ־ ט ע ר א י ד: ניין, אַלץ געענדיגט. אייער ווייב זיצט דאָ אַליין און וויינט. איז גוט אַזוי? אַלס אַ גוטער מאַן און בעל־משפחה, דאַרפֿט איהר זיין נעבען איהר, טרייסטען זי.

ש ר ה: גוט, גוט, זאָגט דאָס איהם.

1 ־ ט ע ר א י ד: איצט, ווען אויף אייך איז אָנגעשיקט געוואָרען אַזאַ אומגליק, דאַרפט איהר זיין נעבען איהר. איך רעד דען נישט ריכטיג? וואָס? איהר זענט אַ מאַנסביל און אַן אָרענטליכער פֿרומער איד. זי זיצט דאָ און וואַרט אויף אייך. איהר הערט מיך, ר׳ אהרן? אויף אייך ליגט אַ חוב בנוגע צו אייער משפחה. מ׳טאָר נישט אַזוי מיט אַמאָל אַראָפּלאָזען דעם קאָפּ און קלעהרען, אַז אַלץ איז שוין...

א ה ר נ ׳ ס שטימע: באַלד וועל איך אַרויסגעהן צו אייך.

1 ־ ט ע ר א י ד: (געהט אָפּ פון טיר). באַלד וועט ער אַרויסגעהן, אָט זעהט איהר. און איהר שטאַרקט זיך אויך. איהר דאַרפט קלעהרען וועגען איהם און וועגען דער טאָכטער.

ש ר ה: דאָס איינציגע, וואָס גיט מיר כחות, — איז דער געדאַנק וועגען איהם.

1 ־ ט ע ר א י ד: נו, יאָ, אַלעמען איז ביטער, אַלע ליידען. פונדענסטוועגען, וואָס־זשע קען מען דערפון אַרויסלערנען? איהר האָט געזעהן, ווען אין וואַלד צעטרייסעלט מען דעם אָרט פון מוראַשקעס, ווי אַזוי די דאָזיגע קליינע באַשעפעניש׳ען הויבען־אָן צו לויפען. זיי באַווייגען דען דאָס אַלטע? ניין, באַלד, נישט פאַרלירענדיג קיין מינוט, הויבען זיי אָן צו בויען ווייטער, נייע לעכער. אַזוי דאַרפען מיר אויך טאָן.

ש ר ה: צו־וואָס? כדי דער דורכגעהענדער מענש זאָל נאָכאַמאָל מיט איין קלאַפּ אַלץ צושמעטערען?

1 ־ ט ע ר א י ד: ס׳איז נישט אונזער זאַך. ס׳איז נישט אונזער זאַך. זאָלען זיי זיך צעשטערען, און מיר וועלען פֿונס׳ניי בויען.

ש ר ה: און ווייטער?

1 ־ ט ע ר א י ד: ס׳איז נישט אונזער זאַך. מיר בויען, מיר האַלטען נאָר אין איין בויען, דערנאָך וועלען מיר זעהן. ס׳איז נישט אונזער זאַך, זעהט נאָר מיין קרעמעל: סחורה האָט זיך ביי מיר אָפּגע־

שטעלט אויף צוויי רובל, נישט מעהר, און אומגליקען האָב איך געזעהן אויף טויזענט רובל. נאָר אַ דאַנק גאָט, וואָס זיינען געבליבען לעבען און געזונט דאָס ווייב מיט די קינדער.

ש ר ה: און ביי אונז...

1 ־ ט ע ר א י ד: ס'איז נישט אונזער זאַך. וואָס ס'איז געבליבען, דאָס איז געבליבען.

2

(ענמאַן און **חנה** קומען אַריין. **שרה** הויבט־אָן כליפּען. **חנה** געהט־צו צו איהר, נעהמט איהר אַרום שווייגענדיג, דריקט זיך־צו צו איהר).

1 ־ ט ע ר א י ד: נו, נו, וויינט זיך אויס און אַ סוף. היינט מעג מען נאָך וויינען, און מאָרגען שוין נישט: מ'דאַרף אַרבייטען, אַרבייטען.

ש ר ה: אודאי.

ע נ מ אַ ן: אַ סוף!

ש ר ה: שוין אַלץ געענדיגט. ער שלאָפט שוין פעסט. אַלץ אָפּ־געטאָן, ווי ס'באַדאַרף צו זיין. איהר האָט איהם אַוועקגעלייגט און פעסט איבערגעדעקט. שוין אַלץ געענדיגט מיט מיין אינגעל. ער דאַרף שוין קיין זאַך נישט.

ע נ מ אַ ן: אַ סוף!

ש ר ה: צו־וואָס לייד איך נאָך? צו־וואָס טויג דאָס, ר' שמחה. אַז מיר, נאַרישע אַלטע לייט, זאָלען לעבען, און די בליהענדע יונגע לייט זאָלען אומקומען פאַר אונזערע אויגען?

1 ־ ט ע ר א י ד: נו, איהר מאַכט אַזעלכע שאלות, וואָס שפּינאָזאָ אַליין וואָלט אויף זיי נישט קאָנען ענטפערען, און איך בין דאָך נישט שפּינאָזאָ, און אַפילו נישט עהנליך צו איהם.

ע נ מ אַ ן: ווי האָט מען דאָס אָפּגעלאָכט פון אומגליקליכען לעאָן!

ש ר ה: דאַנקט, קינדער, ר' שמחה'ן וואָס ער איז צוגעקומען צו אונז. אַלע האָבען זיך דאָך אָפּגעקעהרט פון אונז, מיין אומגליקליכער זוהן. צו דען איז ער נישט אונזערער? ווי נאָר ער האָט דערהערט, אַז ביי אונז דאָ האָט אויסגעבראָכען אַ פּאָגראָם, איז ער געקומען צו פליהען אַהער, ווי אַ פויגעלע. איז ער דען אַ פרעמדער? ער האָט זיי אָפּ־

געגעבען זיין לעבען, ער איז געשטאָרבען פאַר זיי, ווי אַ גבור. ער איז אַ פרעמדער? און אַט האָבען זיי איהם אַוועקגעוואָרפען, געלאָזט באַגראָבען אין פרעמדע ערד, געשטעלט אַ צלם איבער איהם.

ע נ מ אַ ן: אַ הילצערנעם צלם האָט מען געשטעלט.

1־טער איד (מיט שרעק): אַ צלם האָבען זיי איבער איהם אַוועקגעשטעלט?

שר ה: ער איז שטענדיג געווען אַ גוטער, אָרענטליכער איד. אַזעל־כער איז ער געבאָרען געוואָרען און אַזעלכער איז ער געשטאָרבען.

ח נ ה: ער איז געווען אַ אָרענטליכער מענש, מאַמע.

ש ר ה: פאַרוואָס־זשע האָט מען זיך אָפּגעווענדעט פון איהם? פאַר־וואָס האָט מען איהם אַוועקגעוואָרפען נאָכ׳ן טויט, ווען ער האָט זיין לעבען אַוועקגעגעבען פאַר אידען?

1־טער איד: איהר קענט דאָך אונזערע אידען.

ש ר ה: איז דען נישט אַלץ איינס, ווער ער איז געווען, נאָכ׳ן טויט? זיין ריינע נשמה איז שטענדיג געווען מיט אונז, שטענדיג. ער האָט אייך אַוועקגעגעבען זיין גוף, און איצט טרייבט מען איהם אַוועק ווען ער איז שוין טויט, און קען שוין מעהר גאָרנישט געבען.

1־טער איד: איהר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגען? אַלץ דאַרף זיין ריין: אי די נשמה, אי דער גוף. ווייל דאָס איז איינס.

ח נ ה: יעקב, איהר הערט?

1־טער איד (אַרויסגעהענדיג): נאָר פונדעסטוועגען האָט קיין מורא נישט, איך בין בטוח, אַז אין עטליכע טעג אַרום וועלען אַלע דאָס פאַרשטעהן און...

ש ר ה: און מ׳וועט איהם מוחל זיין?

1־טער איד: אַ גוטען שבת אייך. געוויס, מ׳וועט פאַרשטעהן, אַז סוף־כל־סוף איז ער דאָך געווען אַ איד (געהט אַרויס).

ח נ ה: (אָהן איראָניע). זיי וועלען באַרעכענען און איהם מוחל זיין. אונז וועלען זיי אויך מוחל זיין.

ש ר ה: פאַרוואָס דאַרפען זיי אונז מוחל זיין? אין וואָס האָבען מיר זיך דאָס פאַרשולדיגט?

ח נ ה: אין וואָס? אין דעם, וואָס מיר ליידען שוין צופיל, מיר ליידען מעהר פאַר אַלעמען. אויב דער ר׳ אליהו איז גערעכט, און

יעדע צרה איז אַ טרויעריגער כבוד, ווי אַזוי־זשע קען אונזער משפחה נישט זיין די דערהויבענסטע פֿון די דערהויבענע?

ש ר ה: דעם כבוד וואָלט איך מיט חשק אָוועקגעשענקט.

ח נ ה: ניין, מאַמע. איצט וועלען מיר קיינעם נישט אַוועקשענקען אונזער טרויער.

ע נ מ אַ ן: ווען עס וואָלט נאָר מעגליך געווען זיך אומצוקעהרען צו אונזער פֿאָלק און לאַנד, וואָס האָט אונז ערנעהרט, צום רוהיגען וויגעלע. אַ שווערע משא פון טויזענט־יעהריגע אַרומוואָלגערען זיך ליגט אויף אונזערע פּלייצעס. מ׳וואַרט אויף אונז, מ׳וואַרט, איהר פיהלט דען דאָס נישט? הערט איהר דען נישט די שטימע: „עי, וואו זענט איהר? איך בין דאָ, וואו זענט איהר?״ ווער שרייט דאָס? דאָס הויז, וואו איהר זענט געבוירען געוואָרען, די שטיינער פון אייער געבורטס־שטאָדט, די אויגען פון דער מוטער, דאָס האַרץ פון דער פאַרלאָזענער כלה, די יסורים און צרות פון די ברידער — אַלץ צוזאַ־מען, אַלץ צוזאַמען רופט, שרייט אָהן אויפהער, אָהן אויפהער: „וואו זענט איהר? איך ערוואַרט אייך!״ און אָט קומען מיר אויפ׳ן רוף. וואָס־זשע זעהט מען? די געבורטס־שטאָדט איז צושטערט, מיר וויינען איבער די קברים פון אונזערע ברידער, אונזערע כלות ענדיגען מיט זעלבסטמאָרד, ווייל זיי זיינען געשענדעט... שטאַרבען פאַר׳ן אייגענעם פאָלק איז נישט שווער, אָבער לעבען, אָבער ליידען מיט איהם און זיין מיט איהם אומעטום, אַלס אַ טייל פון איין גאַנצען קערפּער!... וואָלט מען זיך קענען צונויפשמעלצען! נישט אַוועקגעהן מעהר, נישט אַוועק־געהן ערגעץ. אַ שרעקליכערביישפּיל האָט געגעבען לעאָן. איי־בער זיין קערפּער האָט מען חוזק געמאַכט און נאָכ׳ן טויט האָט מען זיך פון איהם אָפּגעקעהרט, און אַזוי דאַרף זיין. אַזוי איז ריכטיג. זיי זיינען גערעכט. דאָס איינציגע וואָס ס׳האָט זיך ביי זיי אָפּגעשטעלט, איז דער בית־עולם. ווען מ׳האָט איין מאָל זיך אָפּגעקעהרט פֿון איהם, זאָל מען מעהר נישט האָבען די חוצפה פֿאַרזוכען דאָרט אַריינגעהן. דעם דאָזיגען גרויסען כבוד דאַרף מען פֿאַרדינען.

ש ר ה: וואוהין־זשע זאָל איך געהן באַוויינען מיין זוהן?

ח נ ה (ענמאַנען): גוט, וואָס איהר האָט דאָס אַלץ מיר געזאָגט.

ע נ מ אַ ן: איך פיהל אַזוי.

**ח נ ה: און איך פיהל אַנדערש.**
**ש ר ה:** (ענדיגענדיג ליכט בענטשען). **נו, דאָס האָט זיך געענדיגט, און מ׳דאַרף אָנהויבען לעבען ווייטער. מ׳דאַרף לעבען** (קלאַפּט צו אהרנ׳ען). **אהרן, מ׳וואַרט אויף דיר. שוין צייט געהן צום טיש.** (געהט אַפּ פון טיר). **ער וועט ווייטער נישט דאַוונען. און ס׳איז שוין שבת.**

3

(**אהרן** קומט אַריין. זיין פיגור דריקט אויס הכנעה, אונטערטעניגקייט. אַלע קוקען אויף איהם און צוזעצען זיך אַרום דעם שבת־טיש. **אהרן** שטעלט זיך ביי די חלות וואָס זיינען באַדעקט מיט אַ סערוועטקע, הויבט אָן מיט אַ שטילער ציטערענדיגער שטימע).

**א ה ר ן: ויהי ערב, ויהי בקר** (העכער) **יום הששי. ויכלו השמים והארץ וכל צבאָם** (רעדט עפּעס שטיל, אומקלאָהר). **ויקדש אלהים אותו, כי בו שבת מכל מלאכתו אשר ברא אלהים לעשות...** (לעגט אַוועק די הענט אויף די חלות). **ברוך אַתה, ה׳ אלהינו מלך העולם, המוציא לחם מן האָרץ** (אהרנ׳ס שטימע ווערט שטאַרקער). **ברוך אתה, ד׳ אלהינו, מלך העולם** (בייט איבער די שטימע). **יאָ, דו ביסט דער קעניג פון דער וועלט, דו ביסט שטאַרק און אַלמעכטיג. און איך ליג פאַר דיר אין שטויב. ווי מיט אַ שווערען האַמער האָסטו מיך אַ קלאַפּ געטאָן. דו ביסט שטאַרק און אַלמעכטיג. ס׳איז נישטאָ קיין גלייכען צו דיר אויף דער גאַנצער וועלט. וואָס? איך רעד דען נישט ריכטיג, חנה? נו, זיי מתפלל צו איהם. פאַרוואָס ביסטו נישט מתפלל?**

**ש ר ה:** פאַרוואָס דאַרף זי עפּעס מתפלל זיין מעהר פון אַנדערע?
**א ה ר ן: אַה, מיין אַלטע פֿריינדין, אונזער טאָכטער וויים מעהר פֿון אַנדערע זיין כח, וועלכער ברענט ווי פייער, און איז שטאַרק, ווי אַ שטיין.**

**ח נ ה:** איך וויים, ווי דו ביסט שטאַרק אומגליקליך, פאָטער מיינער.
**ש ר ה:** דיר איז שווער מתפלל זיין, אהרן. איך וועל מתפלל זיין מיט דיר.

**א ה ר ן: דו ביסט אַזאַ שטילע און אונטערטעניגע באַשעפעניש, דאָס**

ער וועט אויף דיר נישט אין כעס ווערן. אַ שטילע שפּעלע אין זיין סטאַדע. אויף אַזעלכע וואַרפט ער כמעט קיין בליק נישט אין די מינוטען פון זיין באַרעמהערציגקייט און אין די יאָהרען פון צאָרן. נישט אַזעלכע דאַרף ער. און אויב ער פאַרשאַפט אויך אַזעלכע וועהטאָגען, איז דאָס נאָר צופעליג, פאַרבייגעהענד. אַ שטילע שעפּעלע אין זיין סטאַדע איז מיין אַלטע ווייב . . . אָבער, שנעל און צורודערט פאַרבייגעהענדיג נעבען שוואַכע און אונטערטעניגע, שיקט ער זיינע שטאַרקסטע קלעפּ צו די דאָזיגע (ווייזט אויף חנה׳ן), אויף אַזעלכע, אויף שטאַרקע און שטאָלצע. ער רופט זיי אַרויס צו מלחמה. ער ווייס, אַז זיין כח שטיצט זיך נישט אויף דער הכנעה פון די שוואַכע, נאָר אויפ׳ן גלויבען פון די שטאַרקע. און ער שלאָגט, און ער זוכט די אמונה, און ער איז דורשטיג נאָך איהר, ווי אַן אַכזריות׳דיגער לייב נאָך בלוט. ער קלאַפּט איבער אונזערע הערצער מיט זיין פייערדיגען האַמער און קוקט: וועט דאָס האַרץ אויסהאַלטען? אָבער ער איז אומגעדולדיג, זעהר אומגעדולדיג. מיר וועלען אַליין קומען צו איהם. זאָל ער נאָר געבען אונז צייט. זאָל ער נאָר נישט שלאָגען אונז אַזוי אומברחמנות׳דיג אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ, אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ. דענסטמאָל הערט ער דאָך, אנשטאָט תפלות, נאָר קרעכצען, אנשטאָט אַ ריח פון קרבנות זעהט ער אַ פייער פון אונזערע הייזער . . . זאָל ער אונז געבען אַ באַשטימטע צייט. אָבער ער גלויבט אונז נישט. ער האָט מורא, אַז ווערענדיג שטאַרקער וועלען מיר אויפשטעהן געגען איהם אַלע צוזאַמען. און כל־זמן מיר זיינען שוואַך און פונאַנדערגעטיילט, סטאַרעט ער זיך אונז אונטערטעניגען, צוטרעטען אונז, ווייזען זיין קראַפט — די קראַפט פון אַ גיגאַנט געגען אַ קינד. צו וואָס האָט ער מיך אַרויסגערופען אויף אַזאַ שרעקליכע, נישט גלייכע מלחמה? איך האָב דאָס נישט געוואָלט, איך האָב געדאַווענט פופציג יאָהר נאָכאַנאַנד, איך האָב געגלויבט, טיף געגלויבט, אָבער ער, ער וואָס לייענט אין די הערצער פון מענשען, ווי אין אַן אָפענעם בוך, ער האָט ריכטיגער געוואוסט מיין באַציהונג צו איהם. „איך וועל פּרובירען דיין אמונה״, האָט ער מיר געזאָגט. „איך וועל דיר שיקען אַ נסיון״. קען מען אויספּרואווען אמונה? ער האָט געוואוסט, אַז אַלץ איינס וועט ער אין דער לעצטער מינוט מאַכען מיך אונטערטעניג. אויף צום סוף האָט

ער צוגעגרייט דעם שווערסטען נסיון — ער האָט געוואוסט, אַז מיין זוהן וועט נישט ליגען צוזאַמען מיט מיר, צו וואָס האָט איהם געטויגט די גאַנצע מעשה מיט׳ן אויספּרואוון, אַז ער האָט סיי־ווי־סיי באַשלאָסען אונטערטעניגען מיך מיט כח? ער האָט דער׳הרג׳עט מיין זוהן. „וועט ווערען דענסטמאָל פאַר מיר אונטערטעניג דער דאָזיגער אַלטער, גראָהער איד", האָט ער געקלערט... איך בין איהם נישט געוואָרען אונטעטעניג! נישט קלערענדיג, האָט ער מיר פאַרשאַפט יסורים, נאָך מעהר שרעקליכע, וועגען וועלכע עס ווייסען דריי פון די פיער, וואָס זיצען ביים טיש. „וועט מיר ווערען דענסטמאָל אונטערטעניג דער אַלטער איד?" — איך בין נישט געוואָרען אונטערטעניג. — „אויב דו וועסט נישט ווערען אונטערטעניג מיט גוטענס, וועל איך מיט כח אַרויסרייסען ביי דיר די אונטערטעניגקייט". און ער האָט באַוויזען וואָס ער פאַרמאָגט. איך האָב פאַרשפּילט. איך בין באַזיגט. קיינמאָל וועל איך זיך נישט אויסגלייכען. דער אומגליקליכער איד וועט צופאַלען מיט הכנעה צו דער האַנט, וואָס האָט איהם אַ קלאַפּ געטאָן.

ש ר ה: וואָס רעדסטו, אהרן? פון צרות ביסטו, ווייזט אויס, אַראָפּ פון זינען. נאָר אויב ס׳וואָלט זיין אַנדערש, וואָלטען מיר נישט פיהלען יעדע מינוט, אַז גאָט איז דאָ, צווישען אונז, צווישען אונז אומ־גליקליכע.

א ה ר ן: און צו וואָס דאַרף מען, אַז ער זאָל שטענדיג זיין צווישען אונז? וואָס באמת טהוט ער דאָ? צו פּאַסט איהם, אַזאַ גרויסען, אַזאַ אַלמעכטיגען, צו פּאַסט איהם געפינען זיך צווישען אַזעלכע קליינינקע מענשעלאַך, ווי מיר זיינען, פאַרנעהמען זיך מיט אונזערע קליינינקע ענינים, אינטערעסירען זיך מיט אונזערע קליינינקע דאגות? ער האָט די זון, שטערען, וואָלקען און, ווי די חכמים זאָגען, נאָך פיל אַזעלכע וועלטען, ווי אונזערע קליינע וועלט. און ער איז אַלץ דאָ, אַלץ דאָ.

ש ר ה: ער איז דאָ כדי צו ברייגען גערעכטיגקייט — אָט צוליב דעם איז ער שטענדיג דאָ. ער וויל, אַז אין לעבען זאָל זיין נאָר גערעכטיגקייט.

א ה ר ן: ער איז גערעכט, ער איז זעהר גערעכט! עס קען זיין —

צופיל גערעכט. ווען אומגליקליכע, אויסגעמאַטערטע מענשען פרו־
בירען איהם ענטפערען, זאָגען אָפען אַ קליין וואָרט: „פאַרוואָס?״
לייגען פאָר די קליינינקע פראַגע אין דער וועלט: „פאַרוואָס?״ —
ענטפערט ער און איז זיך נוקם אַכזריות׳דיג... ביז׳ן זיבעטען דור.
ער איז גערעכט, — און אין דער גערעכטיגקייט טרעט ער, טרעט ער
אונז און מ׳זעהט גאָר קיין סוף נישט. ער דאַרף דען תפלות? צו־
וואָס באמת טויג דאָס איהם? אָבער פרובירט נאָר נישט מתפלל זיין.
ער וועט אייך דערשלאָגען מיט אַ גערעכטיגען דונער און פאַרברענען.
אָבער איך פרעג דאָך: צו דען איז דאָס טאַקע, אַזוי נויטיג, אַז די
גערעכטיגקייט זאָל טריאומפירען? צו וואָס דאַרף מען איהר? ווער
האָט דאָס באַשלאָסען, אַז מענשען דאַרפען האָבען גערעכטיגקייט? נישט
אמת, נישט אמת! רחמנות — —אָט וואָס מיר דאַרפען האָבען,
רחמנות!

4

(עס קומט אַריין סילקין).

א ה ר ן: ביי זיין גערעכטיגקייט איז אוממעגליך צו לעבען, אומ־
מעגליך אפילו אַליין מקבר צו זיין דעם איינציגען זוהן, דעם קדיש,
פרעמדע מענשען, פרעמדע מענשען טוען אונז דאָס, ווי אַ טובה.

ס י ל ק י ן: אַלץ אָפגעטאָן, זייט רוהיג.

א ה ר ן: (דריקט איהם די האַנט). נו... ווען איהר זאָלט וויסען...
ווי אַזוי... ווי אַזוי...

ש ר ה: ווען מ׳זאָל כאָטש וויסען, צו־וואָס האָט ער דאָס געטאָן?
צו־וואָס האָט איהם געטויגט שמד׳ן זיך?

ח נ ה: איצט פאַרשטעה איך... ער האָט מיר איבערגעגעבען פאַר׳ן
טויט אַ בריף. אָט איז זי, איין שורה (ווייזט).

ע נ מאַן: איצט איז אַלץ פאַרשטענדליך.

ח נ ה: (לייענט). „איך האָב דאָס געטאָן, כדי אַריינצוטרעטען אין
אינסטיטוט״.

ס י ל ק י ן: אַלס אַ איד, האָט מען איהם נישט אָנגענומען.

א ה ר ן: (ליידענד). אַי־אַי־אַי, וואָס איז דאָס. וואָס האָט ער גע־
טאָן! ער האָט געוואָלט זיין אַ געבילדעטער מאַן.

ש ר ה: מיר האָבען זיך אַזוי געפרעהט, ווען מיר האָבען ערהאַלטען זיין טעלעגראַמע. איהר געדענקט?

א ה ר ן: ווי ער האָט זיך דאָס געבעטען, מ׳זאָל איהם אָפּשיקען אין פּעטערבורג, געלייקענט, נישט געהאַט קיין כח מודה צו זיין זיך! האָט געוואָלט, מ׳זאָל איהם נישט מקבר זיין דאָ, אויף אַ פרעמדען בית־עולם, כדי אויף מיין קאָפּ זאָל נישט פאַלען די חרפה. אַי־אַי. פיהל איך דען איצט גאָט׳ס נצחון? אַי־אַי . . . פיהל איך דען אַצינד אַ חשק צום לעבען, אַ חשק צו זעהן די זון, באַגעגענען מאָרגענדיגען טאָג, גאָט׳ס שבת? און דאָס איז דאָך דער עיקר... (געהט אָפּ).

ש ר ה: ווידער, ווידער. וואוהין־זשע געהסטו אַוועק? (געהט אַוועק נאָך איהם).

ס י ל ק י ן: (געהט־צו צו חנה׳ן, הערצליך). זייט מוחל. . . .

ח נ ה: פאַרוואָס?

ס י ל ק י ן: פאַרצייהט, פאַרצייהט אונז. (נייגט זיך שטאַרק, געהט אַרויס שנעל).

ע נ מ אַ ן: וואָס קוקט איהר אַזוי אויף מיר?

ח נ ה: מיר גלוסט זיך אויך אייך אַזוי צו זאָגען. איך נעהם אָפּשיעד פון אייך.

ע נ מ אַ ן: (מיט שרעק) ביין.

ח נ ה: יאָ, כ׳נעהם אָפּשיעד, ליבער יעקב.

ע נ מ אַ ן: פאַרוואָס?

ח נ ה: אַזוי דאַרף זיין. אַזוי מוז זיין.

ע נ מ אַ ן: פאַרוואָס קענען מיר נישט זיין צוזאַמען?

ח נ ה: ביין, מיר זענען פאַרשידען.

ע נ מ אַ ן: איהר האָט עפּעס באַקלערט.

ח נ ה: יאָ.

ע נ מ אַ ן: וואָס אַזעלכעס?

ח נ ה: דאָס איז זעהר פּראָסט און זעהר קאָמפּליצירט.

ע נ מ אַ ן: וואָס־זשע?

ח נ ה: אויב דאָס לעבען איז אַזוי שרעקליך, דאַרף מען עס אַי־בערמאַכען.

ע נ מ אַ ן: ווי אַזוי־זשע זאָל מען דאָס טאָן?

ח נ ה: מ׳דאַרף עס איבערבויען.

ע נ מ אַ ן: וואָס קענט איהר אַליין? איהר וועט פאַרלאָרען ווערען.

ח נ ה: מ׳דאַרף עס איבערבויען. איך האָב דאָס אַזוי קלאָר פאַר־שטאַנען — ניין: דערפיהלט דאָס היינט.

ע נ מ אַ ן: היינט?

ח נ ה: ווען מיר האָבען מקבר געווען לעאָנ׳ען. איך האָב באַקלערט: דער פאָטער איז נישטאָ, ער קאָן נישט זיין, ווייל דאָס איז אַ פרעמדער בית־עולם, אַ פרעמדע ערד. פּלוצלונג איז מיר אַלץ געוואָרען קלאָר, אַלץ! פאַרשטעהט: קיין פרעמדע ערד דאַרף נישט זיין. דאָס איז דער גרעסטער ליגען.

ע נ מ אַ ן: אַ פרעמדער בית־עולם דעריבער, ווייל עס זיינען פאַראַן פרעמדע רעליגיעס.

ח נ ה: אויך דאָס דאַרף נישט זיין! די ערד קען נישט זיין קיין פּרעמדע, קיין צוטיילטע. ווער האָט ערלויבט פּונאַנדערטיילען די ערד? די ערד, די גאַנצע ערד געבוירט ברויט, אָבער ווען זי איז פּונאַנדער־געטיילט, גיט זי אָנשטאָט ברויט — בלוט. ווער האָט עס ערלויבט איהר פונאַנדערטיילען? איך געה אַוועק פון אייך. איהר רופט צו־ריק, אומקעהרען זיך נאָר צו אַ קליין שטיקעלע ערד, וואו מענשען האָבען פון צרות כמעט פאַרלאָרען זייער האָפענונג. און איך דענק וועגען די ליידען פון אַלע אומגליקליכע.

ע נ מ אַ ן: וועלען מיר זיך נאָך טרעפען?

ח נ ה: עס קען זיין.

ע נ מ אַ ן: ווען?

ח נ ה: ווען איך וועל ערפילען מיין אויפגאַבע.

5

(אהרן קומט אַריין, קוקט זיך אום צורודערט, זוכט עפּעס: דערזעהענדיג ענמאַנ׳ען).

א ה ר ן: וואו איז מיין טאָכטער?

ע נ מ אַ ן: איהר ווילט איהר זעהן?

א ה ר ן: יאָ... ניין... כ׳האָב געוואָלט זאָגען... איהר וועט איהר נישט

**פאַרלאָזען. פאַרלאָזט נישט... וואָס זאָל איך זאָגען? אַז מ׳וועט מיך פרעגען: „אהרן, פאַרוואָס ביסטו געקומען פאַר דער צייט?", וועל איך ענטפערען, אַז איך באַגלייט מיין זוהן, ווייל ער איז אַראָפּ פון וועג און מ׳דאַרף איהם דאָס אָנווייזען. פאַרלאָזט איהר נישט . . .** (געהט אַרויס, פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך).

**ע נ מ אַ ן:** (קוקט איהם נאָך צורודערט. פויזע. דערנאָך רופט שנעל) **חנה, קומט אַהער.**

### 6

(**חנה** קומט אַריין).

**ע נ מ אַ ן: געהט צום פאָטער. מיר דוכט זיך... געהט צו איהם...**
(חנה געהט אַרויס, דערנאָך קעהרט זיך צוריק).

**ח נ ה: איך קען נישט אַליין. העלפט מיר . . . גיכער!**

(ביידע לויפען צו **אהרנ׳ס** צימער).

---

פ אָ ר ה אַ נ ג

# דער אייביגער וואַנדערער

## דראַמע אין דריי אַקטען
## מיט אַ פּראָלאָג

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

מרדכי בערמאַן

שפרה — זיין ווייב

לאה
סאָניטשקע
משה
שאול
} זייערע קינדער

דאַווידזאָן

סמורלע

לעוויט

די לעהרערין

באָגאַטקאָ — אַן אַלטע פרוי

# פראָלאָג

(עס באַווייזט זיך אַן אַלטער מאַן ענליך אויף מרדכי בערמאַן נאָר פיעל עלטער, ער איז בלינד, מיט איהם אַ קליין מיידעלע ענליך אויף סאָניטשקע).

ד ע ר  אַ ל ט ע ר: (באַטראַכט די געגענד) וואו זיינען מיר?

מ י י ד ע ל: אויף אַ ברייטען אומענדליך לאַנגען וועג.

אַ ל ט ע ר: יאָ, אויף אַזאַ וועג זיינען מיר.

מ י י ד ע ל: מיד בין איך, ערשעפּט בין איך.

אַ ל ט ע ר: באַלד, קינד, באַלד קומט די רוה.

מ י י ד ע ל: דיין באַלד איז לענגער פון דער אייביגקייט, מיר וואַנדערען איבער לענדער, אָהן אַ סוף וואַנדערען מיר. ווען וועלען מיר די רוה ענדליך געפינען, ווען? מיד בין איך, ערשעפּט בין איך . . .

אַ ל ט ע ר: באַלד, קינד, באַלד, געדולדיג מוזטו זיין.

מ י י ד ע ל: אַ קעלט באַגלייט אונז, די פינסטערניש היט אונזער טריט, וואוהין פיהרסטו מיך? קאַלט איז אין דער געגענד, די נאַכט קעניגט דאָ, קיין שטראַהל ליכט דרינגט דורך . . .

אַ ל ט ע ר: עס קומט אָן באַלד אַ שטראָם פון ליכטיגקייט, דער פריהמאָרגען רייסט זיך דורך . . . איך זעה עס, קינד, איך פיהל עס.

מ י י ד ע ל: אויסגעלאָשען איז דאָס ליכט פון דיינע אויגען, אין אַ פינסטערניש איז די וועלט פאַר דיר איינגעהילט, דיינע בלינדע אויגען קוקען סתם אויף אַ מענשען אין גאָטס געשטאַלט און אויף אַ חיה וואָס פאַרציקט דאָס לעבען.

אַ ל ט ע ר: איך זעה אָבער, איך האָב אַנדערע אויגען, ווייטזעהענדע.

מ י י ד ע ל: דו זעהסט די אומענדליכע ווייטקייט און די דערנער ביי דיינע פיס צובלוטיגען דיך. נעכטען ביסטו אָן אַ שטיין געשטרויכעלט געוואָרען און ער איז מיט דיין טריפּענדיגען בלוט באַפלעקט.

אַ ל ט ע ר: געלעבט און געטומעלט. אַמאָל שוין לאַנג, ניטאָ קיין מענשען. נאַקעטע שטיינער וואַלגערען זיך דאָ.

מ י י ד ע ל: האָט דאָס גליק אַמאָל די מענשען באַזוכט? האָסטו, אַלטער, מיט די מענשען געלעבט?

אַ ל ט ע ר: קיין סימן, קיין זכר איז פֿון די מענשען ניט געבליבען, נאָר ביי מיר אין זכרון שימערט עטוואָס פון זיי . . .

מ י י ד ע ל: מיר וואַנדערען, איך געה דיר נאָך, דער וועג איז אומ־ענדליך, דער וועג איז וויט. שאַרפֿע שטיינער זיינען אויף איהם פֿאַר־זייט, בייזע ווינטען בושעווען אויף איהם, קיין זאַנפֿטער ווינטעל האָט אונז ניט באַגריסט, קיין וואַלד האָט אונז זיין שאָטען ניט געשאָנקען. דו ביסט אַלט . . . אין מיטען וועג וועל איך בלייבען עלענד, אַליין, (הילפֿלאָז) אויפ׳ן לאַנגען אומענדליכען וועג. זאָג, וואוהין פיהרסטו מיך דאָס יונגע לעבען? איז דאָ אויף דער וועלט ערגעץ אַ ווינקעלע פֿאַר אונז מידע? איז דאָ ערגעץ אויף דער וועלט רוה פֿאַר אונז? זאָג זיידעניו, דו שפּאַנסט דאָך איבער דער וועלט, דו וואַנדערסט דאָך שוין אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג. וואוהין פיהרסטו מיך, צו רוה, צום לעבען, איז דען דאָ רוה פֿאַר אונז אָדער נאַרסטו די יוגענד? . . . זאָג, אַלטער!

אַ ל ט ע ר: אַזוי ווי שאָטענס שוועבען זיי פֿאַר מיר, אַ נאַקעט פעלד, צוואוואַרעמטע שטיינער.

מ י י ד ע ל: וואָס איז מיט דיר, אַלטער?

אַ ל ט ע ר: איך געדענק, ווי שאָטענס שוועבען זיי פֿאַר מיר.

מ י י ד ע ל: פון דיינע אויגען פֿאַלען הייסע טרעהרען, דו וויינסט? דו מוטיגער און ווייטזעהענדער אַלטער?

אַ ל ט ע ר: מענשען האָבען דאָ געלעבט, אַ גרויסען בית עלמין גע־האָט און אַ הייפעלע שטיינער איז פון דעם לעבען געבליבען, דאָס זיינען זייערע גרויסע טרעהרען. עס איז פֿאַרשטיינערט געוואָרען, דאָס זיינען די פֿאַרגליווערטע טרעהרען, אָט זיינען זיי, זעהסטו זיי?

מ י י ד ע ל: אַ מורא קומט אויף מיר, אַ פּחד, עס שרעקט מיך . . .

אַ ל ט ע ר: זעה, ווי שאָטענס שוועבען זיי פֿאַר מיר . . .

פינסטער.

## ערשטער אַקט

(ביי מרדכי בערמאַן אין הויז. בעל־הבית׳יש הויז. סאָניטשקע האָט זיך פאַרקליבען מיט די פיס אויפ׳ן דיוואַן, לייענט ביים פענסטער, די האָר צושויבערט, דאָס געזיכט פלאַמט, פאַרטיפט אין לעזען. באַמערקט גאָרניט אַרום. משה שפּיעלט אויף דער פידעל. עס געהט צו אָווענט).

ס אָ נ י ט ש ק ע: אך, אוי!

מ ש ה: וואָס לערנסטו דאָרט אַזוינס?

ס אָ נ י ט ש ק ע: (הערט ניט) לאָז . . . וואָרט . . .

מ ש ה: (שפּיעלט).

ס אָ נ י ט ש ק ע: אַך, עס איז . . .

מ ש ה: עס איז פינסטער, גענוג צו לייענען, עס איז שעדליך פאַר די אויגען.

ס אָ נ י ט ש ק ע: לאָז מיר אָפּ, שטער מיר ניט.

מ ש ה: (שפּיעלט, האַקט איבער) וואָס וועט זיין מיט מיר?

ס אָ נ י ט ש ק ע: וואָס?

מ ש ה: מיר שיינט, אַז איך בין אַ מאָדנער מענש.

ס אָ נ י ט ש ק ע: מיט וואָס?

מ ש ה: אַ מאָדנער . . .

ס אָ נ י ט ש ק ע: יאָ. (לייענט ווייטער פּלוצלינג מיט התלהבות) פאַרשטעהסט, ער קניהט פאַר איהר, ער בעט זי, אַז זי זאָל קומען צו איהם אין פּאַרק, וויל זי פאַר קיין פאַל ניט, בשום אופן ניט, האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט זיך שיסען, ער וועט זיך דאָס לעבען נעהמען. האָט זי שוין צוגעזאָגט קומען און איז טאַקע ביינאַכט געקומען אין פּאַרק. מיינסטו וואָס האָט ער אַן ערך געטאָן? איז ער אויף להכעיס ניט געקומען. אָט איז אַ כאַראַקטער!

מ ש ה: וואָס וועט זיין מיט דיר? אויב מען נעהמט מיך ניט אַריין אין אוניווערזיטעט וועל איך פאָהרען קיין אויסלאַנד, דאָרטען איז גוט (שווייגט אַ ווײַלע) און געלט? (קלערט) אַ גרויסע זאַך . . . ! ביי־

נאַכט וועל איך שפּיעלען ערגעץ וואו, און בייטאָג וועל איך לערנען...
אויב מען וועט דאָ ניט אָנקומען אין אוניווערזיטעט.

ס אָ נ י ט ש ק ע: מען וועט דיך אויף געוויס אַריינגעמען, דו וועסט געוויס אָנקומען.

מ ש ה: פאַרוואָס?

ס אָ נ י ט ש ק ע: איך פיהל דאָס, דאָס האַרץ זאָגט מיר מען וועט דיך אויף געוויס אָננעהמען.

מ ש ה: אַמאָל בין איך עפּעס זיכער, דאָס האַרץ זאָגט מיר אויך . . . אָט זאָגט דאָס האַרץ אַמאָל ווען אַ בריף דאַרף אָנקומען.

ס אָ נ יט ש ק ע: אָט זעה איך קלאָר (פאַרמאַכט מיט די הענט די אויגען ווי זי לייענט) ווי מען נעהמט דיך אַריין אין אוניווערזיטעט, יאָ, יאָ, יאָ מען וועט דיך אַריינגעהמען.

מ ש ה: יאָ, יאָ, וועסט קומען צו מיר, סאָניאָ, ווען דו וועסט אויס־וואַקסען אַביסעלע?

ס אָ נ י ט ש ק ע: געוויס וועל איך קומען צו דיר, אָבער וואָס וועל איך דאָרט טאָן?

מ ש ה: דו וועסט זיך לערנען.

ס אָ נ י ט ש ק ע: אויף קורסען? זי איז דאָך אויך געווען אויף קורסען.

מ ש ה: ווער?

ס אָ נ י אָ: די באַראָנעסע.

מ ש ה: וועלכע באַראָנעסע?

ס אָ נ י אָ: יענע, אָט די, אָ, (זי ווייזט אין בוך) וואָס האָט ניט גע־וואָלט קומען אין פאַרק, דאָס הייסט זי האָט שפּעטער שוין יאָ געוואָלט, האָט ער ניט געוואָלט, זי איז דאָך אויך געווען אויף די קורסען. עפּעס אַזאַ מאָדנער צופאַל!

מ ש ה: אויב איך וועל פאָהרען קיין פאַריז וועל איך אויפזוכען שוועסטער לאה.

ס אָ נ י אָ: ווי אַזוי וועסטו זי אויפזוכען, ס׳קען דאָך זיין, אַז זי איז שוין לאַנג דאָרט ניטאָ, אָדער זי איז אפשר קראַנק געוואָרען אָדער...

מ ש ה: איך וועל שוין אויסגעפינען. און אפשר איז זי שוין לאַנג געשטאָרבען, גלויבט זיך דיר דאָס?

ס אָ נ י אַ: אודאי ניט!

מ ש ה: מיר אויך ניט.

ס אָ נ י אַ: איך געדענק זי זעהר גוט, דו געדענקסט זי?

מ ש ה: זי איז אַוועקגעפאָהרען דעם זעלבען יאָר, ווען איך בין אַריין אין גימנאַזיע.

ס אָ נ י אַ: זי איז געווען זעהר שעהן. דו ווייסט וואָס מיר פאַלט איין?

מ ש ה: וואָס?

ס אָ נ י אַ: אַז זי איז אַביסעל עהנליך צו דער באַראָנעסע!

מ ש ה: ביסט אַ נאַריש מיידעל, סאָניאַ. און איך טו נאָר און טראַכט און קלער די גאַנצע צייט, גאַנצע נעכט קען איך ניט איינשלאָפען. דיר איז גוט, סאָניאַ, וואָס דו ביסט נאַריש.

ס אָ נ י אַ: פון וואָס קלערסטו?

מ ש ה: פון פיל, פיעל זאַכען. איבערהויפט האָב איך פון פיעל צו קלעהרען. מענשען מיינען . . . ווער איז ער, משה'לע בערמאַן? פשוט אַן אינגעל, וואָס האָט די גימנאַזיע געענדיגט און שפּיעלט אויף דער פּיעדעלע. ניין, קיינעם פאַלט גאָרניט איין, קיינער באַמערקט גאָרניט.

ס אָ נ י אַ: משה, דו ווייסט אויף זיכער, אַז איך בין אַ נאַר? ס'איז דאָך זעהר ניט גוט אויב ס'איז אמת.

מ ש ה: פאַרוואָס איז דאָס ניט גוט?

ס אָ נ י אַ: איך וועל דאָך זיין דאָס גאַנצע לעבען אומגליקליך.

מ ש ה: אפשר ווען דו וועסט אויסוואַקסען, עלטער ווערען . . . און סך־הכל, סאָניטשקע, זיינען די נאַראָנים די גליקליכסטע אין דער וועלט. פיעל גליקליכער ווי די קלוגע.

## ל אָ ה

(עס קומט אַריין לאה, אין האַנט האַלט זי אַ קליין פעקעל, די קינדער קוקען זי אָן פאַר־וואונדערט).

ל אָ ה: גוט אָוועגט.

מ ש ה: (דערקענט זי ניט) גוט אָוועגט.

ל אָ ה: (שטעלט זיך נעבען דער טיר, רעדט רוהיג אַזוי ווי זי וואָלט נעכטען דאָ געווען) **דאָס איז דאָך משה!**

מ ש ה: **יאָ, איך בין דאָס.**

ל אָ ה: **און דאָס איז די קליינע סאָניטשקע.** (פויזע) **די מאַמע לעבט? דער טאַטע לעבט? איהר געדענקט מיך ניט?**

מ ש ה: **ניין.**

ל אָ ה: (פאַרדעקט דאָס געזיכט מיט דער האַנט שטיל, פאַרמאַטערט) **און וואו איז שאול?**

ס אָ נ י אָ: (שרייט אויס) **איך ווייס, איך ווייס, איך ווייס ווער דאָס איז.** (וואַרפט זיך צו איהר) **לאָה, לאָה איז געקומען!!!**

ל א ה: **סאָניטשקע!** (שושקען זיך) **ווי דו ביסט אויסגעוואָקסן.**

מ ש ה: **לאָה.**

ל אָ ה: **איך האָב דיך באַלד דערקענט.**

ס אָ נ י אָ: **סאָניאַ, מיר האָבען נאָר וואָס גערעדט וועגען דיר . . . נאָר וואָס . . .**

ל אָ ה: **ווי אַלט ביסטו, סאָניטשקע?**

ס אָ נ י אָ: **14 יאָהר.**

ל אָ ה: **14 יאָהר, די קליינע סאָניטשקע.**

מ ש ה: **וואו־זשע איז דער טאַטע, די מאַמע?**

ס אָ נ י אָ: (רופט) **טאַטע, מאַמע, קומט גיכער אַהער, גיכער!** (אָפּ).

מ ש ה: **לאָה איז געקומען איצט וועט אַלץ זיין גוט, דו האָסט זיך פאַרענדערט, לאָה.** (צינדט אָן דעם לאָמפּ).

ל אָ ה: (ביטער) **וואָס, יונגער געוואָרען?**

עס קומט אַריין די מוטער און סאָניטשקע.

מ ו ט ע ר: **וואָס איז געשעהן?**

ס אָ נ י אָ: **טרעף ווער דאָס איז?** (משה און סאָניאַ געהען אָפּ אָן אַ זייט).

מ ו ט ע ר: (קוקט אויף לאָה׳ן, דערקענט זי ביסלאַכווייז) **ווער איז דאָס, גאָט מיינער! דאָס איז דאָך, דאָס איז דאָך** (מיט אַ געשריי) **לאָה׳טשקע, מיין טאָכטער!**

ל אָ ה: **מאַמע!**

מ ו ט ע ר: (קושט זי, וויינט, רעדט צוטומעלט) לאָה׳טשקע, טאָכטער מיינע . . . לעבען מיינס . . . לאָה׳טשקע, טאָקע זי איז עס, איהרע אויגען, איהרע האָר, זי . . . זי, זי איז געקומען, צוריקגעקומען . . .

ל אָ ה: מאַמע, ליעבע, גוטע מאַמע!

מ ו ט ע ר: נאַרישע קינדער וואָס איהר זייט! איהר האָט געמיינט, אַז איך וועל מיין קינד ניט דערקענען, מיין טאָכטער . . . נאַרישע קינדער, איך וועל ניט דערקענען אָט די אויגען מיט דעם ליעבען געזיכט? ווען איך וואָלט געווען אַ בלינדע, ווען זי וואָלט אַריינגעקומען און קיין וואָרט ניט גערעדט וואָלט איך זי אָן די טריט דערקענט.

ל אָ ה: ביסט געזונט, מאַמע?

מ ו ט ע ר: וואָס פרעגסטו אַזעלכע נאַרישקייטען . . . איך בין גליקליך, גליקליך בין איך . . . גיב אַכטונג, קינד, איך זאָל דיר ניט פאַרשוואַרצען מיט מיינע הענט, זיי זיינען ניט ריין . . .

ס אָ נ י אָ: (קושט דער מוטערס הענט) מאַמע, האָסט אויסגעשמירטע הענט, און מיך האַרט דאָס ניט, מיך האַרט דאָס ניט . . .

מ ו ט ע ר: (וויינט פון גליק) דער קאָפּ דרעהט זיך מיר, עס שווינ־דעלט מיר, אוי, קינדער מיינע, אוצרות מיינע! וואו איז דער טאַטע, געהט זוכט אויס דעם טאַטען!

מ ש ה: זעץ זיך, מאַמע.

מ ו ט ע ר: (זיצט) וואָס האָב איך זיך אַוועקגעזעצט (שטעהט אויף) ווי אַ גולם! לאָה׳טשקע, דו ווילסט געוויס עסען? וואָס וועסטו עסען, לאָה׳טשקע, פיש, זופּ, פלייש?

ל אָ ה: איך דאַנק דיר, מאַמע, איך בין ניט הונגעריג, איך וויל ניט עסען.

מ ו ט ע ר: וואָס הייסט דו ווילסט ניט עסען. אַ מענש קומט אַזש פון זאַגרעניצע און וויל ניט עסען, עס קען דאָך ניט זיין!

ל אָ ה: דו ביסט אַלט געוואָרען, מאַמע.

מ ו ט ע ר: מעהר קיין צער זאָלסטו ניט האָבען, אַ גרויסער אומגליק, קיין חתן דאַרף איך ניט זוכען, אָבער מיט אַזעלכע קינדער וואָלט מיך אַפילו אַ גראַף גענומען, ער וואָלט זיך נאָך געבעטען ביי מיר.

ל אָ ה: איך האָב געגעסען אין וועג.

מ ו ט ע ר : וואָס האָסטו געגעסען, דו האָסט גאָרניט געגעסען. איך זוייס שוין וואָס זיי גיבען דאָרטען עסען אין דער פרעמד.
מ ש ה : פאַרוואָס האָסטו ניט געשריבען, אַז דו קומסט צופאָהרען ?
ל אָ ה : איך האָב אַליין ניט געוואוסט, אַז איך קום.
ס אָ נ י אָ : הערט, זי האָט אַליין ניט געוואוסט, ווי קען דאָס זיין ?!
מ ש ה : דער טאַטע געהט.

## מרדכי בערמאַן

(עס קומט אַריין מרדכי בערמאַן, לאָה שטעהט אויף).

ל אָ ה : טאַטע !
ב ע ר מ אַ ן : (נעהמט זי אַרום אָהן התלהבות, עפּעס אָהן פאַר־טרויען, פאַרזיכטיג) איך האָב שוין געהערט, איך ווייס שוין, מיין טאָכ־טער, לאָה, מיין עלטערע טאָכטער איז געקומען. וואָס מאַכסטו, לאָה ? (קוקט זי) אויסגעוואָקסען אַ גאַנצער מענש. נו, דערצעהל אונז וואו ביסטו געוועזען און וואָס האָסטו אויפגעטאָן ?
ל אָ ה : וואָס איז דאָ צו דערצעהלען, איך בין געקומען.
ב ע ר מ אַ ן : דאָך אַהיים געקומען.
מ ו ט ע ר : זעה נאָר ווער עס איז געקומען צו אונז, אונזער ליעבער גאַסט, מרדכי ! (נעהמט זי אַרום, וויינט).
ב ע ר מ אַ ן : (נעהמט זי אַרום, וויינט) מזל טוב דיר, מזל טוב, אונז אַלע מיט אונזער גאַסט, צוריקגעקומען אַ גרויסע, אַ שעהנע, אַ לי־בינקע, מיט מזל זאָל זי זיין.
ס אָ נ י אָ : זי האָט אַליין ניט געוואוסט, אַז זי קומט צו פאָהרען, דו הערסט ?
מ ו ט ע ר : דו וועסט שוין ניט אַוועקפאָהרען, דו ביסט שוין אין גאַנצען געקומען אַהיים ?
ל אָ ה : אין גאַנצען, אויב איהר וועט מיר ניט אַרויסטרייבען.
ב ע ר מ אַ ן : טאַטע־מאַמע טרייבען ניט זייערע קינדער, אַרויס־טרייבען גאָר !
ל אָ ה : איך בין מיד.
ב ע ר מ אַ ן : אַ מידע נעבעך צוריקגעקומען.
ל אָ ה : און דו ביסט, טאַטע, דער זעלבער וואָס פריהער.

ב ע ר מ אַ ן: דער זעלבער, מיין קינד, זאָג־זשע מיר, טאָכטער, וואָס האָסטו דאָרטען געטאָן?

ל אָ ה: וואו?

ב ע ר מ אַ ן: דאָרט וואו דו ביסט געוועזן.

ל אָ ה: פאַרשידענע זאַכען.

ב ע ר מ אַ ן: געלערענט?

ל אָ ה: געלערענט אויך.

ב ע ר מ אַ ן: געלערענט אויך, דאָס פאַרשטעה איך שוין ניט.

מ ו ט ע ר: פון דעם איז זי אַזוי דאַר און קוואַר געוואָרען. צו וואָס טויג מיידלאַך לערנען אין אויסלאַנד? מיידלאַך דאַרפען חתונה האָבען.

ב ע ר מ אַ ן: (צו דער ווייב) לאָז, איך בעט דיך, לאָז מיר מיט איהר רעדען. (צו דער טאָכטער) שוין זיבען יאָהר איז געוואָרען זייט דו ביסט אַוועקגעפאָהרען, מיר האָבען זיך שוין מיאש געווען. מיר האָבען געדענקט, אַז דו ביסט געשטאָרבען.

מ ו ט ע ר: די אויגען מיינע האָב איך זיך אויסגעוויינט, וואָס האָב איך ניט איבערגעקלערט . . . פאַרוואָס האָסטו ניט געשריבען, מיין קינד?

ל אָ ה: צום אָנהויב האָב איך ניט געוואָלט שרייבען.

ב ע ר מ אַ ן: האָסט ניט געוואָלט שרייבען וואָס הייסט אַ קינד וויל ניט שרייבען צו טאַטע־מאַמע?

מ ו ט ע ר: דו האָסט ניט געוואָלט, פאַרוואָס?

ל אָ ה: (נאָך אַ פויזע) יאָ, (פויזע) איך האָב געמיינט, אַז איהר זייט מיר פרעמדע.

מ ו ט ע ר: רבונו של עולם, וואָס רעדסטו, לאָה׳טשקע?

ב ע ר מ א ן: וואָס הייסט האָסט געמיינט, אַז מיר זיינען דיר פרעמדע? און שפּעטער האָסטו דיר דערמאָנט? . . .

ל אָ ה: שפּעטער האָב איך ניט געקאָנט שרייבען . . .

מ ו ט ע ר: ביסט חלילה קראַנק געוועזן?

ל אָ ה: יאָ, קראַנק.

מ ו ט ע ר: (פאַרברעכט די הענט) איך האָב דאָס געוואוסט. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט . . .

ל אָ ה: ניין, מאַמע איך בין ניט געווען קראַנק . . .

מ ו ט ע ר: וואָס־זשע איז מיט דיר דאָרטען געשעהן?

ל אָ ה: איך בין געווען אין טורמע (פויזע).

מ ו ט ע ר: אין טורמע, רבונו של עולם, וואָס האָבען זיי דאָרטען געהאַט צו מיין טאָכטער?

ס אָ נ י אָ: דו ביסט געווען אין טורמע, פאַרוואָס? איך פאַרשטעה ניט וואָס פאַר אַ שלעכטס האָסטו אימיצען געטאָן?

ב ע ר מ אַ ן: איך פאַרשטעה: האָסט זיך אַריינגעמישט אין פּאָליטיק, אַ יאָ? און דאָרט אין טורמע ביסטו געוואָר געוואָרען, אַז מיר זייענען דיר ניט קיין פרעמדע?

ל אָ ה: ניין, (פויזע) איצט קלער איך גאָרניט, איך בין געקומען אהיים.

מ ו ט ע ר: זי איז געקומען פון וועג און וויל עסען, מיין פאַרמאַטערט קינד, מיד, קינד מיינס. (געהט אַרויס).

ל אָ ה: וואָס הערט זיך דאָ ביי אייך?

ב ע ר מ אַ ן: וואָס זאָל זיך הערען ביי אונז? מ'לעבט. מיר לעבען און וואַרטען.

ל אָ ה: אויף וואָס וואַרט איהר?

ב ע ר מ אָ ן: מיר וואַרטען! . . .

ל אָ ה: ווי געהען עפּעס די געשעפטען, טאַטע?

ב ע ר מ אַ ן: די געשעפטען געהען ווי אַלע מאָל.

ל אָ ה: דו האַנדעלסט נאָך אַלץ מיט וואַלד?

ב ע ר מ אַ ן: מען קויפט און מען פאַרקויפט, מ'לעבט (מיט איינגעהאַלטענע צערטליכקייט) אָט האָבען מיר גאָר אַ געבילדעטען אין אונזער משפחה.

ל אָ ה: מ ש ה?

ב ע ר מ אַ ן: מיט צוויי חדשים צוריק די גימנאַזיע געענדיגט מיט אַ מעדאַל.

ל אָ ה: און איצט קלייבסטו זיך אין אוניווערזיטעט?

מ ש ה: איך האָב אַוועקגעשיקט די פּאַפּירען מיינע און וואַרט אויף אַן ענטפער.

ל אָ ה: האָסט דאָך געענדיגט מיט אַמעדאַל, וועט מען דיך געוויס אָננעהמען אין אוניווערזיטעט.

מ ש ה: מילא, אויפ'ן ערגסטען פאַל וועל איך אַוועקפאָהרען אין אויסלאַנד.

ל אָ ה: (האַלט אין אויפרעגונג) וואָס טויג דיר אויסלאַנד, ניין, מען דאַרף ניט, דו וועסט זיך דאָ צו עפּעס צושלאָגען.

ס אָ נ י אָ: איך זאָג איהם אויך דאָס זעלבע, פאָהר ניט קיין אויס־לאַנד, זעהסטו ווי אַזוי מען קומט צוריק פון דאָרט?

ל אָ ה: איך בין אַזוי מיד, אַזוי מיד, איך וויל זיך אָפּרוהען אַביסעל, מען דאַרף נאָר אַ רוהיג ווינקעל. ביי אייך איז דאָ רוהיג און שטיל?

ב ע ר מ אַ ן: אודאי איז ביי אונז רוהיג און שטיל.

ל אָ ה: וועגען קיין זאַך ניט קלערען, קיין זאַך ניט הערען, מיט קיי־נעם זיך ניט באַגעגענען, איך בין אַזוי מיד . . . ניטאָ שוין קיין כחות.

ב ע ר מ אַ ן: גראַד איצט מוז מען האָבען כחות, מען מוז האָבען, טאָכטער מיינע.

ל אָ ה: צו וואָס?

ב ע ר מ אַ ן: זאָג מיר לאָה'לע, האָסט ניט קיין חברה'טעס, קיין חתן?

ל אָ ה: ניין.

ב ע ר מ אַ ן: פאַר די גאַנצע זיבען יאָהר האָסטו ניט געפונען?

ל אָ ה: צו וואָס פרעגסטו דאָס, טאַטע? איך פאַרשטעה דיך ניט.

ב ע ר מ אַ ן: (אויפגערעגט) אָט וועל איך דיר געבען צו פאַרשטעהן, מיין קינד. דו בעטסט אַ ווינקעל ביי מיר, דו ווילסט זיך אָפּרוהען, אָבער מיר קאָנען דאָס דיר ניט געבען, טאָכטער מיינע.

ל אָ ה: דו קענסט ניט?

ב ע ר מ אַ ן: איך קען ניט ווייל מיר אַליין האָבען דאָס ניט, באַלד וועלען מיר אַלע קיין ווינקעלע ניט האָבען וואו אונזערע קעפּ אַוועקצו־לייגען, באַלד, באַלד וועל איך אַליין ניט האָבען קיין אַרבייט, קיין פרנסה, קיין הויז און קיין היים.

ל אָ ה: דו וועסט אַליין ניט האָבען?

ב ע ר מ אַ ן: יאָ, מיין קינד, מען טרייבט אונז אַרויס פון אונזער איי־

געגנער היים, וואו מיר זיינען געבוירען און דערצויגען געוואָרען. מיר מוזען אַלעס איבערלאָזען און אַוועקפאָהרען, אַנטלויפען פון דאַנען.

ל אָ ה : אַוועקפאָהרען ?

ב ע ר מ אַ ן : דאָס הייסט מיר כלאָפּאָטשען נאָך. מען אַרבייט, מען לויפט, מען ווענדעט אָן זכות אָבות און דערווייל זיצען מיר און וואַר־טען אויף אַ תשובה.

ל אָ ה : ווייטער אַוועקפאָהרען, איך האָב שוין קיין כח ניט . . .

ב ע ר מ אַ ן : און גראד אַצינד מוז מען אַנזאַמלען כחות די יסורים אַריבערצוטראָגען.

ס אָ ב י אַ : איך פאַרשטעה ניט, מען דאַרף ניט שווייגען !

ב ע ר מ אַ ן : אודאי דאַרף מען ניט שווייגען אָבער וואָס וועט העל־פען דאָס שרייען ?

מ ש ה : דו האָסט דאָך געזאָגט, טאַטע, אַז מען האָט אונז שוין אָפּגעלאָ־זען. עס איז שוין שטיל געוואָרען.

ס אָ ב י אַ : אַז דער טאַטע איז אַזאַ וואָס שווייגט.

מ ש ה : דו ביסט אַ נאַריש מיידעל, עס איז אַרויס אַ נייער צירקו־לאַר, אַז אידען טאָרען ניט וואוינען דאָ, וואָס קען מען טאָן געגען אַ צירקולאַר ?

ס אָ ב י אַ : אָבער וואָס פאַר אַ שלעכטס האָבען מיר געטאָן ?

## שאול

(עס קומט אַריין שאול, אָהן אַ האַנט)

ל אָ ה : שאול, (געהט צו איהם, דערזעהט, אַז ער האָט נאָר איין האַנט, זי ציטערט) וואו איז דיין האַנט ! ?

ש א ו ל : די האַנט ? שוין לאַנג קיין האַנט ניטאָ.

ל אָ ה : פאַרוואָס האָט איהר מיר דאָס ניט געזאָגט ?

ש א ו ל : אָפּגעשניטען, אַמפּוטאַציע.

ל אָ ה : ווי אַזוי איז דאָס געשעהן, גאָט מיינער ?

ש א ו ל : דער וואָיענער דאָקטאָר פון 64טען פאָלק, ניקאָלאַי ני־קאָלאַיעוויטש אַלעקסאַנדראָוו האָט אָפּגעשניטען מיין האַנט. פאַרוואונ־דעט געוואָרען, די קויל איז דורכגעגאַנגען דורך און דורך און האָט

דעם ביין צושמעטערט, דעם 28טען אויגוסט איז דאָס געווען.

ל אַ ה: דו ביסט געווען אין דער מלחמה?

ש א ו ל: טאַטשנע טאַק, וואַשע בלאַגאַראָדיע! אַרויסגעשלאָגען פון סטראָי צוליב אומפעהיגקייט צו דינען ווייטער, וואַשע בלאַגאָראָדיע!

ל אַ ה: אָרימער ברודער מיינער!

ש א ו ל: איך האָב דאָס פאָטערלאַנד פאַרטיידיגט, וואַשע בלאַגאָ־ראָדיע!

ל אַ ה: (קעהרט זיך אום און וויינט) איך האָב דאָס גאָרניט געוואוסט. גאָרניט געאַהנט.

ב ע ר מ אַ ן: מיר האָבען זיך שוין צו די צרות צוגעוואוינט.

ס אָ נ י אַ: ער אַליין האָט זיך שוין אויך צו דעם צוגעוואוינט.

ש א ו ל: איך זאָג, אַז צוויי הענט איז אַ לוקסוס ווי באַלד מען קען לעבען מיט איין האַנט. איך שרייב מיט דער לינקער האַנט, אַ גרויסע זאַך! אויפ׳ן פּיעדעל שפּיל איך שוין ניט, אַן אומגליק אַ גרויסער! עס זיינען דאָ מענשען וואָס האָבען ביידע הענט און שפּיעלען אַזוי, אַז עס וואָלט זיי געמעגט פעהלען אַ האַנט.

ל אָ ה: און ער, וועלכער האָט פאַרלוירען אַ האַנט, וועט אויך מוזען אָוועקפאָהרען?

ש א ו ל: וואָס־זשע, אַ גענעראַל בין איך? מען יאָגט אַלעמען און איך מאַרשיר מיט זיי.

ב ע ר מ אַ ן: זאָל זיין שטיל, קינדער, די מאַמע קומט.

(עס קומט אַריין די מוטער און גרייט צום טיש).

## מוטער

מ ו ט ע ר: האָסט שוין געזעהן, טאָכטער, וואָס עס איז געוואָרען מיט שאול׳ן. (שטרענגט זיך אָן איינצוהאַלטען די טרעהרען, וויל טרייסטען שאול׳ן) נאָר מען באַמערקט דאָס כמעט ניט, און ווען ער שטעהט מיט דער זייט אַהער, זעהט מען עס גאָרניט. עס, טאָכטערעל, ס׳איז אַלץ פריש, ניט ווי ביי אייך אין דער פרעמד. איך זאָג דיר, ווען מען וואָלט איהם חלילה אַ פוס אַראָפּגענומען וואָלט געווען בע־סער? עס וואָלט נאָך געווען פיעל ערגער. אַ דאַנק גאָט, וואָס עס

האָט זיך אויסגעלאָזען צו איין האַנט. זעץ זיך אַוועק, שאול׳קע, עס מיט דער שוועסטער צוזאַמען, וועט איהר פרעהליכער זיין.

ש א ו ל: די מאַמע איז גערעכט, ווען מען וואָלט מיר אַ פוס אַראָפּ־גענומען, ווי וואָלט איך איצט געקענט מיטגעהן, ווען מען יאָגט אונז אַרויס? איך וואָלט געמוזט שפּרינגען ווי אַ וואָראָנע (שפּרינגט).

מ ו ט ע ר: ווייס איך וואָס ער פּלוידערט דאָרט . . . יאָגען, יאָגען, מען יאָגט נאָך ניט, און די נאַטשאַלסטוועס האָבען אויך אַ האַרץ, זיי פאַרשטעהען אויך, אַז ווען מענשען זיינען רוהיג ריהרען קיינעם ניט, און לעבען זיך שטיל און רוהיג, דאַרף מען זיי לאָזען לעבען, זאָלען זיי זיך האַנדלען מיט וואַלד. מיר דאַרפען טאַקע לעבען שטיל, ניט מאַכען קיין סקאַנדאַלען, מיר דאַרפען וויסען, אַז מיר זיינען אין דער פרעמד (עס הערען זיך שטימען). אָט וועלען מיר און אונזערע קינדער שוין אָפּלעבען ווי עס איז אונזער לעבען דאָ.

## דאַווידזאָן און חיים סמורלע

(דאַווידזאָן, אַן אַלטער, שוואַכער, לאַנגזאַמע באַ־וועגונג, קלוגע, בולט׳ע אויגען).

ס מ ו ר ל ע: מיר האָבען שוין געהערט, מיר וויסען שוין, מען ווייסט, מיט ליעב אייך מיט אייער גאַסט.

מ ו ט ע ר: אַ דאַנק אייך, מיר האָבען זיך פאָרט דערוואָרט. קוקט נאָר, וואָס פאַר אַ טאָכטער איך האָב.

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: (געהט צו צום שראַנק, נעהמט אַרויס דעם שאַך מאַט, ווי ביי זיך אין דער היים, עס זעהט אויס, אַז עס איז אַ געוואוינ־הייט, ער צושטעלט די פיגורען קאַלטבלוטיג) וואָס מאַכט איהר? גע־דענקט איהר, וואָס איך האָב אייך געזאָגט פאַר אייער אַוועקפאָהרען, ווען מיר האָבען זיך געזעגענט?

ל אָ ה: איך געדענק ניט.

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: אָבער איך געדענק. בערמאַן, ווייסע צו שוואַרצע?

ב ע ר מ אַ ן: שפּעטער, ניט איצט.

ל אָ ה: שטער זיך ניט, טאַטע, איך וויל זיך ניט פיהלען ווי אַ גאַסט, איך וויל זיך פיהלען ווי אין דער היים.

מ ו ט ע ר: אודאי ביסטו אין דער היים, דו עס און דערוויל וועט דער טאַטע שפּיעלען אַ שאַך.

ב ע ר מ אַ ן: (זעצט זיך) נאָר איין פּאַרטיע.

ס מ ו ר ל ע: (שטעלט זיך הינטער דער שטול, קוקט ווי מען שפּיעלט) ניטאָ נאָך די פּאַפּירען? עס וועט אין גיכען זיין אַן ענטפער. גאָר אין גיכען.

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: (חזר׳ט איבער) גאָר אין גיכען. איך געדענק, לאָה, וואָס איך האָב אייך געזאָגט פאַר אייער אַוועקפאָהרען, כ׳געדענק עס גוט.

ס מ ו ר ל ע: אַהאַ, זי איז שוין איין מאָל אַ מענש, זי האָט געזעהן די וועלט, זי האָט געזעהן טעאַטערס, מוזעאומס, זי רעדט שוין מן־הסתם פראַנצויזיש.

מ ו ט ע ר: געוויס רעדט זי פראַנצויזיש, אַ פראַגע. דו קענסט דאָך אויך רעדען פראַנצויזיש, לאָה?

ס מ ו ר ל ע: וואָס הערט זיך עפּעס אין דער גרויסער וועלט, וואָס רעדט מען דאָרט?

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: איהר, סמורלע, ווילט כסדר וויסען וואָס אַנדערע זאָגען, וואָס אַנדערע מענשען רעדען און דערפאַר הערט איהר קיינמאָל ניט וואָס איהר אַליין רעדט.

ס מ ו ר ל ע: איך רעד גאָרניט, איך זאָג גאָרניט, איך שווייג. וואָס האָב איך צו רעדען און צו זאָגען?

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: אַ מענש דאַרף רעדען, יעדער מענש דאַרף עפּעס זאָגען.

ס מ ו ר ל ע: און וואָס זאָגט איהר עפּעס אַזוינס, דאַווידזאָן?

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: איך? (מאַכט אַ גאַנג) איך זאָג שאַך דעם קעניג!

ס מ ו ר ל ע: וועלכען קעניג, דעם הילצערנעם, צו אונזערען?

ש א ו ל: אַזוי, אַזוי, איינער רעדט, דער אַנדערער שרייט.

ס מ ו ר ל ע: אָט דאָס איז גוט געזאָגט. אָט דאָס איז אַן אמת וואָרט.

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: (חזר׳ט איבער מעכאַניש) אַן אַנדערער שרייט, אַן אַנדערער שרייט (מאַכט אַ גאַנג) וואָס האָב איך אייך געזאָגט ביים געזעגענען זיך? ווען אַ מענש קומט צוריק צו דער היים וואָס ער האָט פאַרלאָזען, קומט ער אָדער רויט, אָדער . . .

ב ע ר מ אַ ן: אָדער, וואָס ווילסטו זאָגען?

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: איהר געדענקט ניט? נו, נו, איך האָב אייך געזאָגט מיט זיבען יאָהר צוריק פאַר אייער אַוועקפאָהרען, לאָה.

מ ו ט ע ר: איהר, דאַווידזאָן, זייט דאָך גלאָט אַ משוגע׳נער, וואָס שרעקט איהר זי?

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: (גוטמוטיג) איך בין גלאָט אַ משוגענער, מילא. נאָר אויב אַזוי איז אייער מאַן גאָר אַ שלימזל, ווייל ער האָט פאַרשפּיעלט אַ שאַך ביי אַ משוגענעם.

ב ע ר מ אַ ן: שאַ, שאַ, אייל זיך ניט, איך האָב נאָך ניט פאַרשפּיעלט און איך פאַרשפּיעל ניט אַזוי גיך.

## לעהרערין — לעוויט

(עס קומען אַריין די לעהרערין און לעוויט. לעוויט איז אַ יונגערמאַן, קורצזיכטיג, נערוועז. די לעהרערין איז יונג, העלע האָר, איינפאַך געקליידעט).

ל ע ו ו י ט: וואָס מאַכט איהר? איהר דערקענט מיך ניט?

ל אָ ה: איך דערקען אייך — לעוויט.

ל ע ו ו י ט: (שטעלט פאָר) דאָס איז די היגע לעהרערין.

ל ע ה ר ע ר י ן: (גיט די האַנט מענעריש, זעצט זיך).

ל אָ ה: איך געדענק אייך זעהר גוט, איצט אָבער האָט איהר אַ באָרד, ווי לעבט עס זיך אייך?

ל ע ו ו י ט: ווי איך בין אייך מקנא, לאָה, איהר פאָהרט דאָך מן־הסתם באַלד צוריק? ווי לעב איך? כ׳וויס, איך אַרבייט אין דער פאַבריק, אויך מיר אַ לעבען!

ל אָ ה: זייט איהר צופרידען?

ס מ ו ר ל ע: וואָס פעהלט איהם? ער איז דאָרט דער גאַנצער קנאַקער, אַן אינזשעניר.

ל ע ו ו י ט: אַ גאַנצער קנאַקער! צו וואָס טויג עס מיר? עה, סמורלע, וואָס פאַרשטעהט איהר?

ס מ ו ר ל ע : צו וואָס טויג איהם? איהר פאַרדינט דאָך געלט. געלט איז בלאָטע? מען צאָהלט איהם דאָרט מיט שפּענדלאַך!

ל ע ו ו י ט : לאָזט אָפּ, סמורלע, (צו לאָה) וויפיל מאָל האָב איך מיט איהר (ווייזט אויף דער לעהרערין) גערעדט וועגען אייך! לאָה בערמאַן, דאָס איז אַ מענש, וואָס האָט אויף קיין זאַך ניט געקוקט, גענומען און אַוועקגעפאָהרען אַהין אין דער גרויסער וועלט. —אָט דאָס איז אַ קלוג אידיש מיידעל. זי וויל לערנען, זי וויל זעהן די וועלט, אָטעמען מיט פרייער לופט, אודאי, וואָס־זשע, זי איז ניט גערעכט? וואָס זאָג איך גערעכט, דאָס איז איהר פליכט, דאָס איז איהר . . .

ל אָ ה : שפּעטער, שפּעטער . . .

ל ע ו ו י ט : (הערט ניט) זיי פאַלען אָן אויף איהר, פאַרוואָס זי איז אַוועקגעפאָהרען? צוליב וואָס? אַז דאָ ווערט מען גאָר דערשטיקט, גאָר איינפאַך. דאָ איז ניטאָ קיין לופט צו אָטעמען. אפשר באַלעסטיג איך אייך, איז מעהר ניט, איהר זייט דאָך אַ ליכטיגער שטראַהל פון דאָרט — פון דער גרויסער וועלט.

ל אָ ה : שפּעטער . . .

מ ו ט ע ר : מען לאָזט איהר אַפילו אַ שטיקעל פיש ניט עסען!

ל ע ו ו י ט : איך, . . . איך שווייג שוין — נו, איז שפּעטער, מיר מאַכט ניט אויס.

ל אָ ה : איך וויל ניט עסען (צו דער לעהרערין) פאַרוואָס קוקט איהר אויף מיר אַזוי?

ל ע ה ר ע ר י ן : איך? ניין.

ל ע ו ו י ט : איהר זייט דאָך אייראָפּע, אַ שטיק אייראָפּע, מיר זיינען דאָ אַזיע, מיטלאַלטער, פינסטערניש, האָטענטאָטען זיינען מיר.

ל אָ ה : איך האָב קאָפּ־שמערצען, איך געה מיר צולייגען (געהט צו דער טיר).

מ ו ט ע ר : זי איז נעבעך מיד. געה, טאָכטערעל, לייג זיך צו.

ל ע ו ו י ט : (שטעהט אויף) אַנטשולדיגט, איך בין טאַקע אַראָפּגע־פאַלען, טאַקע ווי עפּעס אַ דונער, איך האָב מיך אַריינגעריסען ווי אַ באָמבע, און איהר זייט מיד, נו, מיר איז דאָך אַזוי אינטערעסאַנט, איהר פאַרשטעהט.

ס אָ נ י אַ: איך וועל געהן מיט דיר, לאָה. (לאָה, מוטער און סאָניאַ געהען אַרויס).

ס מ ו ר ל ע: איך פרעג אייך מעהר ניט, מיט וואָס בין איך אַ איד? איך גלויב דאָך ניט! איך געה טאָקע אין שוהל, איך עס ניט קיין טריפה, איך גלויב אָבער ניט, איך גלויב פּאָרט ניט. וואָס פאַר אַ איד בין איך דען?

ב ע ר מ אַ ן: וואָס, זייט איהר משוגע געוואָרען? וואָס דען זייט איהר?

ס מ ו ר ל ע: וואָס איך בין? אַ קבצן בין איך, וואָס האָט אַ ווייב מיט פינף קינדער, אויף וועלכע איך אַרבעט מיט דער גסיסה, זיי צו האָדעווען, אָט דאָס בין איך.

ל ע ו ו י ט: אין גרונט גענומען זייט איהר גערעכט, אָבער אייער גערעכטיגקייט איז פון אַ בורזשואַ.

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: פאַראַן פאַרשידענע בוימער, פאַראַן אַ סאָסנע, אַ בעריאָזע, יאָלקעס. גלאַט אַ בוים איז ניטאָ.

ס מ ו ר ל ע: אַז איך גלויב ניט, אָט וואָס איז די פּעולה?

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: כל־זמן מען ריהרט אייך ניט אָן פאַלט אייך גאָר־ניט איין צו קלעהרען וועגען דעם צו איהר גלויבט, צו איהר גלויבט ניט. נאָר ווי מען האָט אייך נאָר באַוויזען אַ קולאַק, האָט איהר שוין אויפגעהערט צו גלויבען.

ל ע ו ו י ט: זעהר גוט געזאָגט, זעהר גוט! אויף מיין וואָרט!

ס מ ו ר ל ע: איהר זייט דאָך אַ פילאָזאָף, איך בין ניט שפּינאָזאַ און ניט ראָטשילד און איך פרעג אייך אַדרבא, וואוהין זאָל איך געהן? וואוהין? איך האָב ניט וואוהין צו געהן.

ב ע ר מ אַ ן: מען נעהמט טלית און תפילין און מען לאָזט זיך געהן.

ש א ו ל: וואוהין זאָל מען געהן?

ב ע ר מ אַ ן: מען לאָזט זיך געהן, מען וואַנדערט.

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: אידען וואַנדערען שוין אַ קימאַ־לן פון צוויי טויזענד יאָהר. די אידישקייט וואַנדערט, זי געהט, זי באַוועגט זיך כסדר, וואָס האָט איהר זיך אַזוי דערשראָקען? איז עס אַ נייעס פאַר אייך? אידען זיינען שוין געוואוינט צו דעם. מיר האָבען זיך קיינמאָל

ניט איינגעזעסען פעסט אויף איין אָרט . . . מיר דאַרפֿען כסדר געהן. ווען מען פֿאַרגעסט זיך, ווען מען וויל זיך איינוואָרצלען אויף איין אָרט, דערמאָנט מען אונז מיט קולאַקעס, אַז מיר דאַרפֿען זיך ריהרען.

משה: פֿאַרוואָס דאַרף מען אונז דערמאָנען מיט קולאַקעס?

דאַווידזאָן: ווייל מיר אידען האָבען ניט קיין האַרמאַטען, קיין פּולווער, מיר זיינען אַ פֿאָלק וואָס הרג׳עט ניט, פֿאַרגיסט ניט קיין בלוט.

(עס קומט אַריין די מוטער)

לעוויט: עס רעדט זיך גאָרניט וועגען דעם, וואָס מען לאָזט אונז ניט זיצען אויף אַן אָרט. אָט איז זי לאָה אַוועקגעפֿאָהרען און האָט גאָרניט געקלעהרט וועגען אידישקייט, זי האָט געקלעהרט וועגען איי־ראָפּע. גוט, זעהר גוט, און איהר זייט גרייט צו מאַכען קולות און גע־וואַלדען, אַז זי האָט די אידישקייט פֿאַרראַטען. ביי אייך קומט אויס, אַז אידישקייט איז עפּעס אַ באַזונדער זאַך, און מיר זיינען אַ באַזונדער זאַך. אידישקייט דאָס זיינען מיר אַליין, איך, ער, דאַווידזאָן, סמורלע, — די צייט שטעהט ניט איינגעפּעקעלט אויף איין אָרט. די ביבעל איז טאַקע זעהר אַ שעהן בוך, אָבער געטהעס ווערק, מיינט איהר, איז אַ שלעכט בוך? און דאַרווינ׳ס ווערק? און קאַרל מאַרקס׳ ווערק זיינען שלעכט? אָט וויפֿיל עס איז פֿאַראַן גוטעס אין זיי נעהם איך עס, זויג עס איין אין מיר. ווען מיר וואָלטען זיך נאָר געהאַלטען ביי דער ביבעל אָדער ביי דער אידישקייט, ווי איהר זאָגט, און אָפּגעשטאַ־נען פֿון אַנדערע פֿעלקער, וואָלטען אונז די אַנדערע פֿעלקער פּיעל אַריבערגעיאָגט.

שאול: ניט אַריבערגעיאָגט, נאָר אַרויסגעיאָגט.

לעוויט: זאָלען זיי, גאַנץ ריכטיג, יאָ, יאָ, איך וועל אייך זאָגען, אַז ס׳קומט אונז. מיר דאַרפֿען געהן האַנט ביי האַנט מיט די אַרבעטער, מיר קאָנען זיך ניט האַלטען פֿון ביידע זייטען.

סמורלע: און איך האָב טאַקע צרות פֿון ביידע. ערשטענס, ווייל איך בין אַ איד, און צווייטענס ווייל איך בין אַ קבצן.

לעוויט: איהר האָט צרות, ווייל איהר זייט אַ שלעכטער איד און אַ שלעכטער קבצן.

ל ע ה ר ע ר י ן: אודאי איז ער גערעכט. איצט שטרעקען מיר אויס אַלע איינע די אַנדערע די הענט, אַ איד, אַ קריסט, קיין אונטער־שייד איצט.

ד אָ ו ו י ד ז אָ ן: מען מאַכט קיין אונטערשייד? זעהר אַנגענעהם צו הערען, פריילין.

ל ע ו ו י ט: איין טריט ווייטער פון אונזער ביבעל זעהט איהר גאַרניט און הערט און לייענט גאַרניט. איהר שטעהט אָפּ פון אַנ־דערע פעלקער, איהר קרעכצט נאָך, אוי, אוי, אוי . . . ווער איז שולדיג?

מ ו ט ע ר: איך קען ניט הערען, לעוויט, ווי איהר רעדט. וואָס פאַר אַ שלעכטס האָט אייך די תורה געטאָן? לייענט זיך אייך אייערע ביכ־לאָך און די הייליגע תורה לאָזט צורוה.

ש א ו ל: עס איז דאָ נאָך אַ בוך: דער מיליטער סטאַטוט, וואָיענסקי אוסטאַוו.

ס מ ו ר ל ע: אייך איז גרינג צו פילאָזאָפירען, איהר האָט ניט קיין ווייב און קינדער.

ל ע ו ו י ט: איך האָב דען אייערע קינדער געבראַכט אויף דער וועלט, איהר אַליין האָט זיי דאָך געבראַכט אויף דער וועלט.

ס מ ו ר ל ע: אודאי איך אַליין, כאַ, כאַ, דאָ וועט איהר שוין ניט זאָגען, אַז איינער דאַרף העלפען דעם אַנדערען.

מ ו ט ע ר: און די פיש האָט קיינער ניט געגעסען. (נעהמט אַ טעֿ־לער און געהט אַוועק, קומט צוריק דערשראָקען, שושקעט) פּאָליציי...

## טשינאָווניק

(טראָגט אַ פּאָרטפעל).

ט ש י נ אָ ו ו נ י ק: גוט־אָוועגט, מיינע הערען (גיט בערמאַנען די האַנט) דאָס איז אַ הינטישע סלוזשבע. (זעצט זיך) טינט.

ב ע ר מ אַ ן: וואָס־זשע, איך דאַרף מיך אונטערשרייבען?

מ ו ט ע ר: טינט? די־מינוט, די־מינוט ברענג איך טינט. משה וואו איז דער טינט?

ט ש י נ אָ ו ו נ י ק: (וואַרפט אַן אויג אויף די פיש) איהר האָט שוין אָפּגעגעסען?

מ ו ט ע ר : עסט אַ שטיקעל פיש, מיין הער, צו־וואָס דאַרפט איהר טינט ? עסט.

ט ש י נ אָ ו ו נ י ק : ניטאָ קיין צייט, ניטאָ קיין צייט.

מ ו ט ע ר : נשקשה אַ שטיקעל אידישע פיש מעג מען עסען, וועלכער קריסט זאָגט זיך אָפּ פון אַ שטיקעל אידישע פיש ?

ט ש י נ אָ ו ו נ י ק : אַ שטיקעל פיש וועל איך טאַקע פאַרזוכען.

מ ו ט ע ר : (אונטערטעניג) די־מינוט, באַלד פאַרטיג, איין אויגענ־בליק (צו משה וואָס האָט אַריינגעבראַכט טינט) געה, וואָס קריכסטו מיט דיין טינט ? לאָז זיי דעם אָטעם אָפּציהען, לאָז זיי אָפּרוהען אַבי־סעל, דו זעהסט דאָך זיי זיינען פאַרנומען.

ט ש י נ אָ ו ו נ י ק : (עסט, רעדט) מממ . . . דאַרף . . . מממ . . . דאַרף (רוקט דעם טינט צו זיך).

ב ע ר מ אַ ן : וואָס־זשע, דאָס איז אַן ענטפער אויף אונזער פראַ־שעניע ?

ט ש י נ אָ ו ו נ י ק : (ברומט) מממ . . . מממ . . .

מ ו ט ע ר : וואָס שטערסטו, דו זעסט דאָך, אַז זיי עסען, זיי זיינען דאָך הונגעריג.

ב ע ר מ אַ ן : אדרבא זאָלען זיי עסען געזונטערהייד . . . איך פרעג נאָר, וואָס פאַר אַן ענטפער האָט מען אונז געשיקט ?

ט ש י נ אָ ו ו נ י ק : (אויפגערעגט) איך שרייב דען די צירקולאַרן ? איך ענטפער דען אויף פראָשעניעס ? וואָס בין איך, אַ הינטישע סלוזשבע האָב איך, איך שרייב ניט די פאַפּירען. פון מיינעטוועגען וואוינט דאָ וויפיל איהר ווילט. אָבער מען הייסט איך אַרויספאָהרען פון דאַנען.

ב ע ר מ אַ ן : (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. דאַווידזאָן שטעהט אויף, דער טשינאָווניק עסט מיט אַפּעטיט).

ש א ו ל : דאָן הייסט דאָס שאַגאָם מאַרש . . . (לאַכט ביטער).

ס מ ו ר ל ע : און איך אויך, און איך אויך ?

ט ש י נ אָ ו ו נ יק : פרעגט איהם מיט וואָס איז ער בעסער פאַר אַנדערע.

ב ע ר מ אַ ן : אַזוי הייסט דאָס געקומען דער סוף, געקומען דער סוף.

טשינאָוווניק: איהר האָט צוויי וואָכען צייט, קלעהרט, אפשר וועט איהר עפּעס אויפקלעהרען. אוי, די פיש זיינען צו שטאַרק געפעפערט.

לעוויט: עס וועט קומען אַ צייט, ווען די אידישע פיש וועלען אויך זיין צו געזאַלצען!

(לעוויט און די לעהרערין געהען אַרויס).

בערמאַן: וואָס־זשע בלייבט אונז ווייטער צו טאָן?

טשינאָוווניק: (נעהמט אַרויס אַ פּאַפּיר) אָט דאָ, אָט דאָ דעם נאָמען און די פאַמיליע.

בערמאַן: (צו דער ווייב) וואו זיינען מיינע ברילען? (נעהמט דאָס פּאַפּיר, שושקעט צום טשינאָווניק) אַפשר... אפשר...

טשינאָוווניק: אוממעגליך זאָג איך אייך, מאָדנע מענשען זייט איהר. איהר ווייסט דאָך פון וואַנען דאָס פּאַפּיר קומט, פון סאַמע פּעטערבורג.

מוטער: אָט זיינען די ברילען, מרדכי.

בערמאַן: (זעצט זיך, טהוט אָן די ברילען, שרייבט זיך אונטער לאַנגזאַם) הייסט דאָס, אַז אין צוויי וואָכען אַרום מוזען מיר זוכען אַ נייע היים, אַ נייעם מקום מנוחה.

טשינאָוווניק: עס איז גאַנץ גענוג צייט, מאַכט אַ טאָלק מיט די געשעפטען, דאָס הויז פאַרקויפט, ס'איז אַן אייגען הויז?

מוטער: אונזער, אַן אייגענעם.

טשינאָוווניק: אַ וואויל הייזעל, אויף מיין וואָרט. די מעבעל פאַרקויפט אויך, אָט וועט איהר האָבען געלט און מיט געלט ווערט מען אין ערגעץ ניט פאַרפאַלען. איך אַליין וואָלט ביי אייך דאָס אַלעס אָפּגעקויפט. אָבער וואו נעהמט מען די קלינגערס, טשאָרט וואָזמי?

שאול: ווען זאָל מען עס פאַרקויפען, ווען אַלע פאָהרען אַרויס?

טשינאָוווניק: דאָס איז שוין ניט מיין זאַך, דאָס ווייס איך ניט. (לייגט צוזאַמען די פּאַפּירען).

מוטער: (צו בערמאַנ'ען) וואוהין וועסטו געהן, ביסט דאָך שוין אַלט, 68 יאָהר ביסטו מרדכי, דיינע פיס זיינען שוין שוואַך, די אויגען זעהען ניט, וואוהין געהן, מרדכי?! (נעהמט איהם אַרום, וויינט).

## לאה און סאָניאַ

**ב ע ר מ אַ ן:** נו וואָס האָסטו זיך צעוויינט, אַלטע, וואָס קען העלפען די טרערן? מיר האָבען דאָך געסט.

**מ ו ט ע ר:** געסט? מיר האָבען שוין קיין הויז ניט, מיר זיינען אליין געסט.

**ט ש י נ אָ ו ו נ י ק:** נו, אַדיע, מיינע הערען, איך זאָג אַלע מאָל, אַז פיש קאָכען קענען נאָר אידען.

**ד אָ ו ו י ד ז אָ ן:** (געזעגענדיג זיך מיט'ן טשינאָוונִיק) און פאַר מיר איז ביי אייך קיין פאַפּירען ניטאָ?

**ט ש י נ אָ ו ו נ י ק:** פאַראַן, פאַר אייך אויך פאַראַן, מען האָט קיי־נעם ניט פאַרגעסען. איך וועל מאָרגען אַריינקומען צו אייך. אַדיע. (געט אַוועק).

**מ ש ה:** (געהט צו, צום פאָטער) טאַטע, וואָס וועט איצט מיט אונז זיין?

**ב ע ר מ אַ ן:** מיט אַ סך יאָהרען צוריק, ווען איך בין געוועזן אַזוי יונג ווי דו האָב איך אויך אַמאָל מיין טאַטען געפרעגט, וואָס וועט מיט אונז זיין? מיין טאַטע האָט מיר געענטפערט דאָס וואָס איך ענטפער דיר איצט מיט די זעלבע ווערטער. ...(וויינט, פויזע).

**מ ו ט ע ר:** דאָס הויז פאַרקויפען, דעם טיש, דאָס בעט, אַלץ . . . (דערזעהט שאול'ן, וואַרפט זיך צו איהם) שאול'קע, מיין קינד, מיין אומגליקליך קינד, אומגליקליכער קאַליקע.

**ל אָ ה:** טאַטע, ערשט איצט געקומען און ווייטער געהן און ווייטער וואַנדערן.

**ב ע ר מ אַ ן:** קינדער מיינע, קינדער מיינע!

---

פ אָ ר ה אַ נ ג .

## צווייטער אַקט

(דאָס זעלבע צימער, נאָר אַ טייל פון מעבעל פעהלט, עס פעהלט דער גרויסער שראַנק, א. אַז. וו. די פאָרהאַנגען זיינען אַרונטערגענומען, קאַלט, אומהיימליך, אַ אומאָרדענונג. לאָה — אין אַ גרויען טוך זיצט נעבען פענסטער. נעבען איהר סאָניע, און אויף אַ שטול זיצט לעווית).

ל ע ו ו י ט : איהר זענט שוין דאָ צוויי וואָכען, און מיר האָבען זיך נאָך ניט אויסגערעדט ווי געהעריג.

ל אָ ה : וועגען וואָס ?

ל ע ו ו י ט : וועגען וואָס ? ווען דו וואַרטסט אויף אַ מענשען אַזוי לאַנג, און דו דערזעהסט איהם ענדליך, געפינסטו שוין וועגען וואָס צו רעדען. איהר האָט די גרויסע וועלט געזעהן, מיט מענשען זיך באַ־געגענט, זאָגט, דערצעהלט, ווי לעבען דאָרט די מענשען ?

ל אָ ה : מ'לעבט.

ל ע ו ו י ט : פאַרשטעהט זיך, אַז מען לעבט. עס איז אַזוי אינטע־רעסאַנט צו וויסען וואָס דענקען מענשען וועגען דער צוקונפט ? אַזוי לעבען איז דאָך שווער, דאָ איז דאָך ניטאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויס־צורעדען, ווען ניט די לעהרערין איז כאָטש נעהם און מאַך אַ סוף, און איהר שווייגט.

ל אָ ה : וואָס זאָל איך אייך דען זאָגען ?

ל ע ו ו י ט : איהר זענט אַ מאָדנער מענש, איהר האַלט כסדר אין איין שווייגען.

ס אָ נ י ע : זי איז אַ שטיינערנע, דו ביסט אַ שטיינערנע, לאָה'טשקע. איך האָב געלייענט וועגען אַזעלכע כאַראַקטערס ווי דו ביסט.

ל ע ו ו י ט : אפשר זענט איהר קראַנק ?

ל אָ ה : איך בין געזונט.

ל ע ו ו י ט : טאָ וואָס־זשע איז מיט אייך ?

ל אָ ה : מיר איז קאַלט . . . קאַלט איז מיר . . .

ס אָ נ י ע : אָט אַזוי איז זי שטענדיג . . . פאַרוואָס איז דיר קאַלט ?
ל אָ ה : איך ווייס ניט.
ל ע וו י ט : אַלזאָ אין צוויי טעג אַרום פאָהרט איהר אַוועק, איך וועל אייך מעהר ניט זעהן, קיינמאָל ניט זעהן . . .
ס אָ נ י ע : איהר בלייבט דען דאָ ?
ל ע ו ו י ט : איך ווייס ניט, איך וועל זיך נאָך די זאַך איבערלייגען.
ס אָ נ י ע : ווי קאָנט איהר דען דאָ בלייבען, ווען אַלע אידען איז דאָ פאַרבאָטען צו וואוינען ? רירט מיך ניט אָן. ווען אַלע אידען פאָהרען אַוועק מוזט איהר אויך מיטפאָהרען, פוי, איך קאָן אייך ניט אָנקוקען (אין כעס, געהט אַוועק שנעל).
ל ע ו ו י ט : אַ וואויל קינד, אַ קלוג קינד. איהר ווייסט, לאָה, אין וועמען זי דערמאָנט מיר ?
ל אָ ה : אין וועמען ?
ל ע ו ו י ט: (נאָך אַ פּאוזע, רייבט די הענט) זי דערמאָנט מיר אָן אייך איידער איהר זענט אַוועקגעפאָהרען.
ל אָ ה : (הויבט אויף דעם קאָפּ) מיך ?
ל ע ו ו י ט : יענע לאָה, וואָס איך האָב געקאָנט מיט 7 יאָהר צוריק...
ל אָ ה : רעדט ניט, מ'דאַרף ניט, מ'דאַרף ניט.
ל ע ו ו י ט : וואָס דאַרף מען ניט ?
ל אָ ה : צו וואָס דערמאָנען דאָס פאַרגאַנגענע (פּאוזע, בלייבט שטעהן נעבען טשעמאָדאַן) מיט 7 יאָהר צוריק, אויך אין הערבסט, האָב איך אָנגעפּאַקט מיינע זאַכען אין דעם זעלבען טשעמאָדאַן. מיט וואָס פאַר אַ האָפענונגען איך בין דעמאָלט געפאָהרען, געאיילט זיך גיכער אַהין, אַהין, איך האָב געמיינט די גאַנצע וועלט וואַרט אויף מיר. דער טשע־מאָדאַן איז געוועזן מיט מיר די גאַנצע צייט, ער איז עהנליך אויף מיין נאַרישען לעבען: געוועזן ניי, און איצט צובויגען, צוריבען און אין גי־כען וועט מען איהם דאַרפען אַרויסוואַרפען . . .
ל ע ו ו י ט : פאַר וואָס אייגענטליך זענט איהר געזעסען אין טורמע ?
ל אָ ה : פאַר וואָס זעצט מען אין די טורמעס יונגע מענשען, וועלכע גנב'נען ניט, הרג'נען ניט און ווילן העלפן דעם פאָלק. ווען איך בין פון דאַנען אַוועקגעפאָהרען, האָב איך נאָך גאָרניט פאַרשטאַנען, איך האָב געוואָלט נאָר לערנען, אָבער אין פּעטערבורג האָב איך מיך באַקענט

מיט פריינט. מיר האָט מען אַלעס ערקלעהרט. נו, ווי קאָן מען רוהיג לערנען זיך, ווען אַרום און אַרום איז אַזויפיל שלעכטס און אומגע־רעכטיקייט און בלוטפאַרגיסונג . . . אָט . . . און איך האָב אַפילו ניט באַמערקט, ווי איך בין געוואָרען אַ רעוואָלוציאָנערקע, פונקט ווי אַ מענש באַמערקט ניט, אַז ער וואַקסט. מ'האָט גענומען נאָכשפּיאָנירען אונז, יאָ, שווער געוואָרען צו פאַרזאַמלען זיך, און אין אַ געוויסע נאַכט, אָה, יענע שרעקליכע נאַכט ! (פּאַוזע).

ל ע ו ו י ט : וואָס האָט דען פּאַסירט יענע נאַכט ?

ל אָ ה : איינמאָל אין אַ געוויסע נאַכט . . . פאַרוואָס איז דאָ אַזוי קאַלט ?

ל ע ו ו י ט : ס'איז דען קאַלט ? איך פיהל ניט . . .

ל אָ ה : איך געדענק, דאָס איז געווען אין אַ שבת, מיר האָבען זיך פאַרזאַמעלט ביי אַן אַדוואָקאַט, ער איז ניט געווען אונזערער, אָבער מיטגעהאָלפען. מיר זיינען געווען פינף מענשען, אין אַ שעה אַרום זיינען מיר געווען אַרעסטירט.

ל ע ו ו י ט : און איהר אויך ?

ל אָ ה : און איך אויך, פון אונזער געהיימער פאַרזאַמלונג האָבען נאָר פינף מענשען געוואוסט, נאָר פינף מענשען, אימיצער פון די פינף האָט אונז פאַרראַטען.

ל ע ו ו י ט : אפשר דער אַדוואָקאַט ?

ל אָ ה : אָ, ניין, איך ווייס ווער. נאָר אין טורמע איז דאָס געווען דאָס שרעקליכסטע, טאָג ווי נאַכט דענקען פון דעם, איך בין קראַנק געוואָ־רען און בין אָפּגעלעגען דריי מאָנאַטען, און ווען איך בין געזונט גע־וואָרען, האָט מען מיך אַוועקגעפיהרט צו דער אויספאָרשונג, און דאָ האָב איך זיך דערוואוסט, לעוויט, ווער עס האָט אונז אַלעמען פאַרראַטען.

ל ע ו ו י ט : ווער איז ער ?

ל אָ ה : איהר וועט ניט גלויבען, נאָר דאָס האָט געטאָן אַ מענש, וועל־כען איך האָב געגלויבט מעהר ווי מיין טאַטען, וועמען מיר האָבען גע־רעכענט פאַר אונזער לעהרער, פאַר אונזער גאָט !

ל ע ו ו י ט : און אייער גאָט האָט אייך פאַרראַטען ?!

ל אָ ה : די צייטנוגען האָבען וועגען דעם געשריבען, איין חבר'טע

האָט מען געהאַנגען איבער איהם. איך האָב זי אַריינגעפיהרט אין אונ־
זער קרייז און באַקאַנט מיט איהם, אָבער איך האָב דאָך ניט געוואוסט,
אַז ניט־ווילענדיג גיב איך זי אַרויס, און צוליב מיר וועט מען זי אויפ־
הענגען. ווי אַזוי האָב איך דאָס געקאָנט וויסען? איך האָב איהם
געגלויבט . . .

ל ע ו ו י ט: באַרוהיגט זיך, לאָה, באַרוהיגט זיך.

ל אָ ה: איצט איז קיין כחות ניטאָ . . . איך בין דען שולדיג? איך
בין צעבראָכען, קאָן פון גאָרניט דענקען, איך באַדויער, וואָס איך קאָן
ניט שטאַרבען. אָה, איהר ווייסט ניט, די טורמע איז אַ שרעקליכע
קראַפט, אַ שרעקליכע . . . און די פאַרצווייפעלטע קולות, און די הונ־
גער־סטרייקס, און . . . די שרעקליכע מחשבות, און דער גאַנצער
אימה׳דיגער צושטאַנד. פאַרוואָס־זשע מאַטערט איהר מיך אַלע מיט
אייערע אויגען און לאַכט נאָך פון מיר?

ל ע ו ו י ט: איך?! איך לאַך?! . . .

ל אָ ה: אָה, איך ווייס ניט וואָס איך רעד.

ל ע ו ו י ט: איך לאַך? איך, וועלכער איז פאַרטיג פאַר אייך . . .
איך? . . . זאָגט מיר און איך געה מיט . . . וואוהין איהר וועט
געהן, וואו איהר וועט זיין, דאָרט וועל איך זיין.

ל אָ ה: (ענטפערט ניט).

ל ע ו ו י ט: פאַר וואָס ענטפערט איהר ניט.

ל אָ ה: (געהט צו צו לעוויט׳ן, קוקט איהם אָן עקשנות׳דיג) איהר
ווייסט, ווער יענער מענש איז געווען?

ל ע ו ו י ט: וועלכער מענש?

ל אָ ה: דער, וועלכער האָט אונז פאַרראַטען. ווייסט איהר, וואָס ער
איז פאַר מיר געווען? איך האָב איהם געליבט . . . איהר פאַר־
שטעהט . . . איך . . . וואָרום פרעגט איהר מיך גאָרניט וועגען דעם?

ל ע ו ו י ט: (כמעט אויסשרייענדיג) איך פרעג ניט, איך וויל ניט
פרעגען!

ל אָ ה: דער אַלטער דאַווידזאָן האָט מיר געזאָגט, דער וואָס קעהרט
זיך צוריק איז, אָדער רויט, אָדער טויט . . . לעוויט, איך בין טויט.
מיר איז קאַלט.

ל ע ו ו י ט: דאָס איז דאָך ניט אמת.

לאָה: איך פריהלינג בין איך שיעור ניט געשטאָרבען, איך האָב אויסגעטרינקען עפּעס אַ מיאוס׳ע פליסיגקייט, איך האָב זיך גע׳סמ׳ט, ווען מיר איז קלאָהר געוואָרען, ווען איך האָב געליבט . . . לאָזט מיך . . . איהר דאַרפט מיך ניט . . .

לעוויט: אַ מענש קאָן פילעס איבערטראָגען, דעסטא בעסער. הייסט עס, איהר קאָנט דאָס לעבען. אַ מענש איז דער, וואָס קאָן איבערטראָגען זיינע ליידען. (נעהמט איהר האַנט) נאָר ווען אימיצער קומט צו צו אַ מיידעל און זאָגט איהר: „איך האָב דיך ליב״, האָפט ער ניט צוליב איהר, נאָר צוליב זיך. צוליב דער צוקונפט. עס טרעפט זאָגאַר, אַז זי איז גליקליך מיט איהם, אָבוואָהל זי זאָל אפילו ניט ליבען. שטעלט אייך פאָר, איך בין דאָס יענער אימיצער, אַ גאַנץ געוויינליכער מענש, וועלכער זאָגט: לאָה, פרייד פון מיין האַרצען, איך האָב דיך געקענט אַ זאָרגלאָזע מיידעל, איך האָב געהערט דיין געלעכטער, איצט האָב איך דיך ווידער געטראָפען, און דיינע טרעהרען ברענען מיר מיין האַרץ, ווי אַזוי קאָן איך שוויגען? איך קאָן ניט, איך האָף. מעג איך האָפען? זאָג, זאָג, לאָה, ענטפער מיר, דאָס וועט מיך גליקליך מאַכען . . .

לאָה: (לאַכט און וויינט).

לעוויט: וואָס איז? וואָס איז?

לאָה: גאָר ניט, איך ווייס ניט, (וויינט און לאַכט) נאָר . . .

לעוויט: וואָס אַזוינס?

לאָה: די באָרד דאַרפט איהר אַרונטערנעהמען, צו אייער פּנים פּאַסט ניט קיין באָרד.

לעוויט: (גליקליך) אפילו דעם גאַנצען קאָפּ.

לעהרערין: (ערשיינט, לעוויט טרעט שנעל אָפּ פון לאָה׳ן) איז אמת, אַז איהר פאָהרט איבערמאָרגען אַוועק?

לאָה: (געהט צו צום פענסטער, ניט אומקוקענדיג זיך) יאָ . . .

לעוויט: איך וועל אַ צווייטען מאָל אַריינקומען.

לעהרערין: (צו לעוויט׳ן) מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז איהר זענט אַוועק פון זאַוואָד.

לעוויט: דערווייל נאָך ניט — אויף ווידערזעהן! . . .

ל ע ה ר ע ר י ן: איהר פאָהרט אויך אַוועק איבערמאָרגען?
ל ע ו ו י ט: (געהט אַרויס).
ל ע ה ר ע ר י ן: פאַר וואָס איז ער אַזוי שנעל אַוועק?
ל אָ ה: (שמייכעלט) ער איז אַוועק זיך אָפּשערען די באָרד.
ל ע ה ר ע ר י ן: וואָס, ער פאָהרט אויך אַוועק?
ל אָ ה: מעגליך . . .
ל ע ה ר ע ר י ן: ער זאָגט, אַז די ביבעל איז אַ בוך! וואָס איז די ביבעל? אַ בוך?! (לאַכט) איך האָב זיך שטענדיג געקריגט מיט איהם . . . איצט . . . עס איז זעהר גוט וואָס ער האָט חרטה געהאַט, וואָס ער האָט געענדערט זיין שטאַנדפּונקט. ער איז זעהר צושטרייט און קורצזיכטיג, איהר האָט עס באַמערקט? אַלע קורצזיכטיגע האָבען גוטע אויגען?
ל אָ ה: (אויפמערקזאַם) ער האָט טאַקע גוטע אויגען?
ל ע ה ר ע ר י ן: זעהר גוטע, ער האָט גוטע, ריינע אויגען. ער האָט מיר זעהר פיל דערצעהלט פון אייך.
ל אָ ה: וואָס האָט ער אייך געקאָנט דערצעהלען? ער האָט דאָך מיר געקאָנט אַלס קינד, גאָר אַלס אַ קליין מיידעל.
ל ע ה ר ע ר י ן: (פאַרקלעהרט זיך) יאָ, עס איז דאָך ניט אמת, אַז די אידען האָבען פיינט און האַסען אַלע קריסטען?
ל אָ ה: ניין, ניין.
ל ע ה ר ע ר י ן: איהר ווייסט, איך מייד אויס די לעצטע צייט צו געהן אין גאַס. ווען איך באַגעגען אַן אַלטען אידען מיט אַ ווייסע, לאַנגע באָרד, אַנטלויף איך, איך שעהם זיך איהם צו קוקען אין די אויגען. ער שווייגט, ער זאָגט גאָרניט, נאָר מיר ווייזט זיך אויס, אַז ער קוקט אויף מיר מיט אַ ביטערען פאַרוואורף . . . מיר דאַכט זיך דאַן, אַז איך טרייב איהם אַרויס, איהם, אייך אַלע אידען. (פּאַוזע. לאָה געהט צו צו איהר) ביי אייך בליצען די אויגען, איהר האָט זיך פּלוצים געענדערט.
ל אָ ה: געענדערט?
ל ע ה ר ע ר י ן: ביי אייך איז איצט גאָר אַן אַנדער געזיכט. אַ פרישׁ יונג געזיכט. איצט זענט איהר אינגאַנצען עהנליך צו סאָניטשקע'ן.
ל אָ ה: (לאַכט מאָדנע) דאָס איז פון ווינען. איך האָב געוויינט . . .

**ל ע ה ר ע ר י ן:** געוויינט?

**ל אָ ה:** גאָר אָהן אַ שום אורזאַכע — אָדער ריכטיגער — איך ווייס אַליין ניט — איך בין עהנליך צו סאָניטשקע׳ן, זאָגט איהר? — יאָ, — ער פאָהרט אויך מיט אונז.

**ל ע ה ר ע ר י ן:** ווער?

**ל אָ ה:** איהר האָט דאָך פריהער געפרעגט צי ער פאָהרט אויך מיט אונז אַוועק? . . .

**ל ע ה ר ע ר י ן:** (קוקט אויף איהר) יאָ . . .

**ל אָ ה:** (נעהמט פון דער לעהרערין די אויגען ניט אַראָפּ) אַזוי שיינט מיר, אַזוי דאַכט זיך מיר, (מיט אַ איראָניע) אַלע קורצזיכטיגע האָבען גוטע אויגען?

**ל ע ה ר ע ר י ן:** וואָס? . . .

**ל אָ ה:** מיר ווילט זיך עפּעס לאַכען, לאַכען ביז טרעהרען, איך בין אַ שטיינערנע, זאָגט סאָניטשקע, און מיר ווילט זיך פונדעסטוועגען לאַ־כען, לאַכען —

**ל ע ה ר ע ר י ן:** וואָס איז מיט אייך?

**ל אָ ה:** נערווען מסתמא — — — די נערווען האָבען זיך צעשפּילט (לאָה לאַכט היסטעריש, — — —ביידע אָפּ).

(אין דער טיר זעהט מען, באַווייזט זיך אַ פויער פון מיטעלע יאָהרען, נאָך איהם די מוטער, ווי עס שיינט, איז זי ניט צופרידען מיט זיין קומען. זי טענה׳ט מיט אים שטיל, וויל קיין טומעל ניט מאַכען).

**פ ו י ע ר:** און מיר האָט מען געזאָגט, אַז דער אַלטער מאָרדקע איז אין דער היים.

**מ ו ט ע ר:** צו וואָס דאַרפסטו מרדכי׳ן? ער איז אַוועקגעפאָהרען, ניטאָ שוין.

**פ ו י ע ר:** ווען קומט מאָרדקע צוריק? אַז איך בין אימישנע גע־קומען פון דאָרף, דאַרף איך איהם האָבען. אַ געשעפט האָב איך צו איהם, אפשר וועט מאָרדקע רחמנות האָבען.

**מ ו ט ע ר:** געה פון וואַנען ביסט געקומען, מאָרדקע איז ניטאָ, ניטאָ.

**ב ע ר מ אַ ן:** (קומט אָן) וואָס איז דאָס? וואָס אַמפּערסטו זיך מיט׳ן ערל?

פ ו י ע ר: (נייגט זיך) פּאַני מאָרדקע!

מ ו ט ע ר: (צום מאַן) וואָס מישטו זיך, איך וועל שוין אַליין מיט איהם פאַרטיג ווערען.

פ ו י ע ר: ווי שיקט זיך עפּעס, פּאַני מאָרדקע, איהר האָט ביי מיר האָלץ באַשטעלט און האַנט־געלט געגעבען, און איצט געהט איהר גאָר אַוועקפאָהרען. וואָס וועט זיין מיט'ן האָלץ?

ב ע ר מ אַ ן: איך דאַרף שוין איצט ניט קיין האָלץ.

פ ו י ע ר: וואָס וועל איך מאַכען מיט'ן האָלץ? וואו וועל איך עס באַגראָבען? אפשר פאָהרט איהר ניט אינגאַנצען אַוועק? . . . איהר קומט צוריק?

ב ע ר מ אַ ן: צוריק קומען מיר ניט, מיר פאָהרען אינגאַנצען אַוועק.

פ ו י ע ר: וואָס הייסט? און דאָס האָלץ? איך וועל דאָך מוזען באַצאָהלען, איך האָב דאָך קיין גראָשען ביי דער נשמה!

ב ע ר מ אַ ן: יאָ, יאָ, אַ רחמנות, אויף אַלעמען אַ רחמנות.

פ ו י ע ר: טראַכט איך מיר, איך וועל געהן צו מאָרדקע'ן, דער אַל־טער מאָרדקע איז אַ גוטער מענש, אפשר וועט ער מיר באַצאָהלען, אַזויפיל יאָהרען עהרליך געהאַנדעלט. וואָס מאַך איך מיט'ן האָלץ? אַ גאַנצע נאַכט זיך געשלעפּט צו אייך מיט דער קליאַטשע. אָט בין איך געקומען.

ב ע ר מ אַ ן: וויפיל האַנט־געלט האָב איך דיר געגעבען? דוכט זיך צוואַנציג רובעל?

פ ו י ע ר: ריכטיג, צוואַנציג רובעל!

מ ו ט ע ר: איך זעה שוין, אַז דו ווילסט איהם אויך געבען געלט. איצט איז אַזאַ צייט, ביסט פריש, געזונט און משוגע. וואָס הייסט, ווי קען אַ מענש, וואָס איז ביים געזונטען פאַרשטאַנד, וואַרפען געלט אין דער בלאָטע אין אַזאַ צייט? יעדע קאָפּיקע איז דאָך איצט אַן אוצר, יעדער גראָשען איז דאָך אַ פאַרמעגען, און דער שטעהט און וואַרפט געלט.

ב ע ר מ אַ ן: מיין וואָרט מוז איך האַלטען, איך האָב אַ וואָרט גע־געבען.

מ ו ט ע ר: וואָס ביסטו רויטשילד, וואָס דו קאָנסט האַלטען וואָרט. וואָס קאָן ער דיר טאָן? ער האָט דען אַן אונטערגעשריבענעם קאָנ־

טראַקט? דו האָסט איהם גאָרניט צוגעזאָגט, האָסט ביי איהם גאָר קיין האָלץ ניט באַשטעלט!

פ ו י ע ר: וואָס פאַר אַ קאָנטראַקט? אַזויפיל יאָהרען עהרליך געהאַנדעלט מיט מאָרדקע׳ן אָהן קאָנטראַקטען, אויף כפּרות דאַרפען מיר קאָנטראַקטען!

מ ו ט ע ר: ווען דו וואָלסט אָבער געוועז דעם ערשטען ניט געבען קיין געלט, וואָלטען דאָך די אַנדערע ניט געקומען צו דיר. אַ שעהנעם תכלית וועלען זיי מאַכען פון דעם געלט, ער וועט דאָך דאָס געלט פאַר׳שיכור׳ן.

ב ע ר מ אַ ן: לאָז צורוה, לאָז צורוה, איך בעט דיך. קום אַהער, נאָ דיר דאָס געלט. (גיט).

מ ו ט ע ר: מיינע אויגען קאָנען עס ניט זעהן, נעהם בעסער און פאַרברען דאָס ביסעל געלט אויפ׳ן פייער, וועט כאָטש זיין אַן אילומינאַציע.

ב ע ר מ אַ ן: ריכטיג דיר באַצאָהלט?

פ ו י ע ר: ריכטיג, (גיט די האַנט) זאָל אייך גאָט געבען געזונט — אָט דאָס פאַרשטעה איך! דאָס איז אַ ריכטיגער מענש! אַלץ איינס אייערע צו אונזערע, און אַ פאַסקודניאַק מעג ער זיך טאָג און נאַכט מאָליען אין דער צערקווע אָדער אין סינאַגאָגע . . . איז ער גאָרניט ווערטה, טפוי! זייט געזונט. (צו דער מוטער) אי, דאָס איז אַ מענש, געזאָגט אַ וואָרט אַזוי ווי מיט אַ טשוואָק צוגעקלאַפּט.

מ ו ט ע ר: (הויך...ברומענד) נו, געה שוין, געה שוין . . .

פ ו י ע ר: אַז איך וועל דאָס געלט פאַר׳שיכור׳ן, ניע פראַוודאַ! ניין, איך וועל עס ניט פאַר׳שיכר׳ן, נאָר איין מאַניפאָלקע וועל איך אויסטרינקען פאַר אייער געזונט, איינע ניט מעהר, ניט מעהר, זאָל אייך גאָט געבען געזונט (געהט אַוועק).

מ ו ט ע ר: דיך דאַרף מען היטען ווי אַ קליין קינד. מען דאַרף דיר נאָכקוקען אויף שריט און טריט. מרדכי, דו פאַרגעסט, אַז דו האָסט דערוואַקסענע קינדער, אַז דו האָסט אַ זון אַ קאַליקע, דער אומגליקליכער קאַליקע וועט דאָך מוזען מיט דער טאָרבע געהן און בעטלען אַ שטיקעל ברויט.

(סמורלע ערשיינט)

מ ו ט ע ר: נו, זעהט, סמורלע, איהר צאָהלט אַצינד אין אַזאַ צייט אויך אַלע אייערע חובות? איהר צערייסט אויך אַלע אייערע וועקס־לען? פונקט ווי ער? ער האָט שוין צעטיילט עטליכע הונדערט רובעל. זיי האָבען דאָך קיין איינגעטונקענע פּעדער ניט געהאַט.

ס מ ו ר ל ע: איך האָב דאָך איהם געזאָגט, אַז די וועקסלען קאָן מען פאַרקויפען פאַר 25 פּראָצענט, איך האָב דען איהם ניט געזאָגט?

מ ו ט ע ר: הער נאָר, וואָס קלוגע מענשען זאָגען?

ב ע ר מ אַ ן: איך הער ניט, און וויל ניט הערען וואָס אַנדערע זאָ־גען. (בייט די שטימע) נו, וואָס הערט זיך סמורלע? וואוהי׳ן פאָהרט איהר?

ס מ ו ר ל ע: איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איך בלייב נאָך דאָ אַ קורצע צייט, מ׳גיט מיר אַ קליינע אטסטראָטשקע. זיי ערלויבען מיר נאָך דאָ צו בלייבען אין שטאָדט.

מ ו ט ע ר: פאַר וועלכע מעשים טובים גיט מען עס אייך אַן אטסטראָטשקע? קיינעם ניט און אייך האָט מען יאָ געגעבען.

ס מ ו ר ל ע: פאַר וואָס? פאַר וואָס? געהט, פרעגט ביי זיי. איך בין געפאָהרען אין שטאָדט אַריין צום גובערנאַטאָר אַליין, און איך האָב געזאָגט, וואָס אַרט אייך, אַז אַן אָרימער איד וועט נאָך דאָ אַביסעל בלייבען, וואָס? איהר וועט אומגליקליך ווערען, אַז איין אידעל וועט אַוועקפאָהרען מיט איין וואָך שפּעטער? וואָס איז אייך פאַר אַ חילוק? וואָס? ער וועט אייער פּאָליטיקע קאַליע מאַכען? זייט רוהיג, איין אידעל וועט אייך די רוסישע פּאָליטיק ניט קאַליע מאַכען אין איין חודש.

ב ע ר מ אַ ן: הייסט, איהר בלייבט נאָך דאָ אַ גאַנצען חודש!...

ס מ ו ר ל ע: הקיצור, וואָס וועל איך אייך דאָ לאַנג ברייען, איך בלייב נאָך דאָ, איך בלייב. (זיפצט) זאָלען מיינע שונאים וואָס ווינ־שען מיר בייז, אויף אַזאַ אופן בלייבען דאָ. גיט אייערע וועקסלען שאול׳ן, ער האָט דאָך לכל־הפחות נאָר איין האַנט, וועט ער זיי ניט קאָנען צערייסען.

מ ו ט ע ר: איהר זענט שוין אַ צו קלוגער פאַר מיין מאַן. מיין מאַן באַגעהט זיך טאַקע מיט מענשען עהרליך, און ווען מיר איז אַ שאָד

דאָס געלט, איז דאָס טאַקע אַ ווייבערשע נאַרישקייט. ער איז עהרליך און קלוג אויך! אָבער איהר? וואָס פאַרשטעהט איהר?

ס מ ו ר ל ע: קלוג, צו ניט קלוג, וואָס איז דער אונטערשייד. דער־וויל בין איך דער חכם, בלייב איך אויף אַ חודש. (ס׳קומט אַריין דאַווידזאָן) אָט זאָל דאַווידזאָן זאָגען, ער איז דאָך געוויס קלוגער פון מיר און פון אייך. וואָס זאָגט איהר?

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: (באַמערקט איהם ניט, געהט צום טישעל, ווי עס שטעהט דער שאַך, נעהמט אַ פּאָר פיגורען אין האַנט) ווייסע צו שוואַרצע?

ס מ ו ר ל ע: אָט האָט ער געזאָגט.

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: לאָמיר צום לעצטען מאָל שפּילען אַ שאַך.

מ ו ט ע ר: גאָט איז מיט אייך, אין אַזאַ צייט גאָר שפּילען אין שאַך?

ס מ ו ר ל ע: ווען דער מלאך־המות אפילו וועט קומען צו איהם, וועט ער איהם פרעגען, ווייסע צו שוואַרצע?

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: און איהר וועט פרעגען ביי איהם, ביים מלאך־המות צי איהר קענט נאָך בלייבען אויף אַ חודש?

ס מ ו ר ל ע: געוויס, וואָס עפּעס אַ חודש? אויף דריי חדשים, דריי יאָהר וועל איך איהם בעטען.

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: איהר ווייסט, אַז מאָרגען געהען מיר אַלע מזכיר נשמות זיין אויפ׳ן בית־עולם?

ב ע ר מ אַ ן: איך ווייס, איך ווייס, 10 אַזייגער געהען אַלע אויפ׳ן בית־עולם.

מ ו ט ע ר: אוי, רבונו של עולם!

ס מ ו ר ל ע: און איך ווייס ניט צו דאַרף איך אויך געהן אָדער ניט. איך פאָהר דאָך ניט אַוועק מיט אַלעמען צוזאַמען.

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: (מיט חשד) זאָגט נאָר אָקאָרשט, סמורלע, וואָס עפּעס פּלוצלינג געשעהן, וואָס נאַטשאַלסטוואָ האָט זיך אין אייך פאַרליבט?

ס מ ו ר ל ע: איך ווייס? . . . נאַטשאַלסטוואָ. מאַלע ווער עס קאָן זיי געפעהלען ווערען? (לאַכט אָנגעשטרענגט) זיי האָבען זיך אודאי פאַר־ליבט אין מיין נאָז.

ב ע ר מ אַ ן: פונדעסטוועגען כאָטש מ׳האָט אייך געגעבען אַ חודש

צייט, מעגט איהר מיט אונז מיטגעהן אויפ׳ן בית־עולם און געזעגענען זיך מיט די הייליגע נפטרים.

ס מ ו ר ל ע : אידען האָבען שוין אַזאַ טבע, פון וואָס מ׳רעדט קומט מען שטענדיג אַרויס אויפ׳ן טויט.

ב ע ר מ אַ ן : מיר אידען געהען אויפ׳ן בית־עולם צו אונזערע טויטע, דערפאַר, ווייל אונזערע מתים זיינען אונזערע קדושים, מיר געהן זיך דערמאָנען אָן אונזערע זיידעס און פאָטערס, מיר אַלטע טוען אַזוי. אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון, ווען אונזערע יונגע היינ־טיגע קינדער פאַרגעסען אָן אונז לעבעדיגע פאָטער און מוטער? זיי געהען אַוועק פון אונז, זיי אַנטלויפען פון אונז . . . גאַנצע מחנות פאַרלאָזען זיי אונז, און טראָגען אַוועק זייערע יונגע קרעפטען צו די אַנדערע פעלקער. מיר רופען זיי, מיר זוכען, מיר שרייבען צו זיי, מיר שטרעקען אויס אונזערע הענט און שרייען: הילף, מ׳שלאָגט אונז, מ׳פלאָגט אונז, מ׳טרייבט אונז, מ׳יאָגט אונז, און זיי דאָרט הערען ניט אונזערע יאָמער־געשרייען. ווען עס פאַסירט, אַז איינער פון זיי קעהרט זיך אום צוריק אַהיים צו אונז קומט ער אַ מידער, אַ קראַנקער, אָהן לעבען און אָהן אַ נשמה. אַלע יונגע זיינען דאָרט ביי זיי געבליבען, און צו אונז געקומען מתים, מתים, מתים. אָט דאָס זיינען אונזערע זיהן, אונזערע טעכטער — מתים.

מ ו ט ע ר : זיי האָבען דאָרט זי גע׳הרג׳עט. זי איז דאָך גאָר אויס מענש — אָן אַלטע אידענע איז זי!

ב ע ר מ אַ ן : רבונו של עולם, ווי קאָן לעבען אַ פאָלק, ווען זיינע יונגע קרעפטען געהן אַוועק צו פרעמדע? ווי קאָן עס לעבען ווען עס שענקט אַוועק דאָס שעהנסטע און דאָס בעסטע?

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן : ס׳איז אַלעמאָל געווען אַזוי. שטענדיג האָבען מיר דאָס שעהנסטע און דאָס בעסטע פרעמדע אָפּגעגעבען. אידען האָבען גאָרניט, אָפילו אַ דאַך איבער׳ן קאָפּ, אַ שטיקעל אייגענע ערד אונטער זייערע פיס האָבען זיי ניט. אידען ווייסען ניט דעם חילוק פון מיינע און דיינע. אידען אַרבייטען פאַר דער גאַנצער וועלט. זיי, די אַנדערע פעלקער זיינען נאָך יונג, וואָס ווייסען זיי? זיי מיינען, אַז די גרעניץ איז די סאַמע פעסטע זאַך אויף דער וועלט, ווייל די גרעניץ באַשטעהט,

אַז דאָס איז מיינס און דאָס איז דיינס, רעכטס בין איך און לינקס ביסטו. מיר זיינען שוין אַן אַלט פאָלק, אַלט פאָלק. מיר האָבן שוין געזעהן ווי גרעניצען צווישען פעלקער זיינען פאַרשוואונדען געוואָרען. דאָ האָבען פעלקער געלעבט און שפּעטער זיינען זיי אונטערגעגאַנגען, און פאַרשוואונדען אין כף־הקל. אויף דעם שטיק ערד האָבען היינט געוואוינט די מענשען און מאָרגען זיינען שוין אַנדערע. היינט רעדען זיי אויף דער שפּראַך, און מאָרגען אויף אַן אַנדער שפּראַך. אידען האָבען שוין אַלץ געזעהן, פאַר אונזערע אויגען זיינען פעלקער אויסגעוואקסען און אונטערגעגאַנגען. אידען אָבער בלייבען אייביג, ווייל זיי אַרבייטען פאַר דעם וואָס ענדערט זיך קיינמאָל ניט. עס ווייזט זיך גאָר אַמאָל אויס, אַז דער אידעאַל איז געשטאָרבען, אין דער אמת׳ן לעבט ער אונטער אַן אַנדער פאָרם. עס ווייזט זיך נאָר אַזוי אויס, אַז די יוגענט געהט אַוועק פון אונז. זאָל די יוגענט געהן צו פרעמדע. זאָל זי, אדרבה, זאָל זי פאַרשפרייטען אונזער גייסט. פאַר דעם שרעקען מיר זיך ניט, מיר האָבען נאָר מורא, אַז זיי זאָלען אַליין ניט אויפהערען צו זיין אידען, כאָטש אין הארצען דעם אידישען גייסט זאָלען זיי צווישען די פרעמדע ניט ביליג מאַכען, ניט אָפּשוואַכען.

ב ע ר מ אַ ן: ווי קאָנען מיר אַלטע, צובראָכענע בלייבען אַליין, אָט דאָ?

ד אָ ו ו י ד ז אָ ן: מיר דאַרפען האָבען צוטרויען צו אונזערע קינדער, מיר דאַרפען זיי גלויבען, וואָרום ווען מיר וועלען זיי אויפהערען צו גלויבען, וועלען זיי אונז ווערען פרעמד, און דאָרט, צווישען די פרעמדע פאַרפאַלען ווערען. און מיר — מיר וועלען אונטערגעהן מיט זיי צוזאַמען.

ס מ ו ר ל ע: איהר פילאָזאָפירט כסדר, איהר זענט אַ פילאָזאָף. איך ווייס איין זאַך: לעבען דאַרף מען, עסען דאַרף מען, דירה־געלט צאָהלען דאַרף מען, הייצען די דירה דאַרף מען, ווי נעהמט מען דאָס?

(עס קומט אַריין שאול און דער דאָקטאָר)

ש א ו ל: טאַטע, דער הער דאָקטאָר וויל מיט דיר רעדען.

ד אָ ק ט אָ ר: (גיט בערמאַנ׳ען די האַנט) איך בין ספּעציעל געקומען צופאָהרען אום אויסצודריקען מיין באַדויערונג צו אייער לאַגע.

(דריקט די האַנט) איהר פאַרלאָזט אונז טאַקע? אַ שאַד, אויף מיין וואָרט אַ שאַד. אַן אומאַנגענעמענע געשיכטע. איך האָב זעהר גרויסע באַקאַנטשאַפט אין פעטערסבורג, ווען איך וואָלט עס פריהער געוואוסט, וואָלט איך . . . נאָר איצט, פאַרשטעהט זיך, איז שוין צו־שפעט — — — נאָר וואָס האָב איך אייך געוואָלט בעטען? קאָנט איהר מיר געבען אייניגע איינצעלהייטען (נעהמט אַרויס אַ נאָטיץ ביכעל) איך בין אַ קאָרעספאָנדענט פון אַ צייטונג, אַזאַ פאַל, פאַר־שטעהט איהר מיר, אינטערעסירט די גאַנצע געזעלשאַפט, וויפיל פאַ־מיליעס עס פאָהרען אַרויס. איך האָב געהערט, אַז — — —

מ ו ט ע ר: איהר וועט עטוואָס צובייסען, הער דאָקטאָר? (דער דאָקטאָר באַמערקט זי ערשט איצט, וויל איהר געבען די האַנט) אַנטשולדיגט, דאָקטאָר, די הענט זיינען ביי מיר ניט קיין ריינע, אָט ערשט פון דער אַרבייט.

ד אָ ק ט אָ ר: איבערבייסען? פאַר וואָס ניט? און יענער בראָנ־פען איז דאָ?

מ ו ט ע ר: וועלכער?

ד אָ ק ט אָ ר: כ׳מיין פון יענעם פלעשעל, דעם בייכיגען.

מ ו ט ע ר: געוויס, איך וויים, איך וויים.

ד אָ ק ט אָ ר: אויסגעצייכענט, פון יענעם פלעשעל גיט מיר טאַקע. וואָס־זשע צוויי וואָכען צייט האָט מען אייך טאַקע געגעבען?

ב ע ר מ אַ ן: אָט זעהט איהר, דער איז אַ גליקליכער, געקראָגען גאַנצע פיר וואָכען.

ד אָ ק ט אָ ר: (פאַרשרייבט, די מוטער געהט אַוועק, באַגעגענט זיך אין טיר מיט באַגאַטקאָ׳ן, וועלכער איז אַביסעל בגלופנ׳דיג).

ב אָ ג אָ ט ק אָ: גוט מאָרגען. נו, וואָס, איהר גיט אָפּ?

מ ו ט ע ר: וואָס ווילסטו? פאַר אומזיסט דיר אַוועקגעבען? גיב אַ ריכטיגען מקח.

ד אָ ק ט אָ ר: ווער איז ער?

ב ע ר מ אַ ן: ער קויפט ביי אונז אַלץ וואָס מיר קאָנען ניט מיט־נעהמען. דאָס הויז און דאָס מעבעל.

מ ו ט ע ר: (געהט אָפּ).

ב אָ ג אַ ט ק אָ: אַ גוט מאָרגען דעם הער דאָקטאָר. (נייגט זיך).
ד אָ ק ט אָ ר: דאָס איז דאָך באָגאַטקאָ! דאָס איז ער דער קויפער? כאַ, כאַ, כאַ. ער פגר'ט דאָך פאַר אַ גראָשען.
ב אָ ג אַ ט ק אָ: (מיט גדלות) אַלץ קויף איך, ווילסטו האַנט־געלט? (שלעפּט אַרויס אַ בייטעל, קלינגט מיט די געלט) ס'איז דאָ.
ש א ו ל: וואָס פאַרשטעהט איהר דאָ ניט? באָגאַטקאָ איז דאָך אַ הינטערגעשטעלטע פּערזאָן, הינטער זיין פּלייצע שטעהט אַן אַנדערער, דאָס איז דאָך קלאָהר ווי דער טאָג.
ד אָ ק ט אָ ר: יאָ, אַ ריינער סקאַנדאַל, (פאַרשרייבט) עקספּלואַטאָ־טאָרס קויפען אָפּ דורך אַנגעשטעלטע פּערזאָנען. ווער איז דער וואָס באַהאַלט זיך?
ש א ו ל: ווער ווייסט? דער וואָס באַהאַלט זיך דער שעהמט זיך מסתמא.
ס מ ו ר ל ע: ווער קאָן וויסען? ווער קאָן וויסען?
ב אָ ג אַ ט ק אָ: ווילסט האַנט־געלט, נעם, מאַכט ניט קיין זאַבאָ־באָניס.
ד אָ ק ט אָ ר: וויפיל גיט ער?
ב ע ר מ אַ ן: וויפיל ער גיט? ער גיט פאַר דעם הויז זעקס מאָל וועניגער וויפיל עס האָט די ווערט.
ד אָ ק ט אָ ר: אַ ריינער סקאַנדאַל. (ס'קומט אַריין די מוטער מיט בראָנפען, זי גיסט אָן, דער דאָקטאָר טרינקט) דאָס איז דאָך פאַר אייך אַן אומגליק.
מ ו ט ע ר: (ניט פאַרשטעהענדיג) ס'מאַכט ניט אויס, טרינקט גע־זונטערהייט. מיר דאַרפען עס שוין ניט.
ד אָ ק ט אָ ר: ניט וועגען דעם (טרינקט).
ב ע ר מ אַ ן: וואָס קאָן מען מאַכען? מיר פאָהרען דאָך אַוועק אין צוויי טעג אַרום, מיר קאָנען דאָך עס ניט מיטנעהמען מיט זיך.
ס מ ו ר ל ע: ווער וועט אייך געבען מעהר? קיינער וועט אייך מעהר ניט געבען, צו וואָס די טענות?
ש א ו ל: בעסער אונטערצינדן דאָס הויז, פאַרברענען אַלץ.
מ ו ט ע ר: (שטיל צום מאַן) זאָל ער עס קויפען, זאָל ער זיך דער־וואַרגען מיט'ן הויז, וואָס קאָן מען מאַכען? (צו באָגאַטקאָ'ן) און דעם

טיש נעהמסטו? נעהם דעם טיש, דעם שראנק, די בעטען, דאָס געשיער.

באָגאַטקאָ: ווי מיר האָבען נעכטען גערעדט. איך נעהם אַלץ. אַלץ. אַ קאָפּיקע מעהר וועל איך ניט געבען.

מוטער: דו ביסט אַ רויבער, אַ וואַלד־רויבער, אַ שיכור ביסטו.

סמורלע: ווער וועט אייך געבען מעהר? גיט כאָטש אַ דאַנק וואָס מען גיט אייך אַזאַ מקח.

שאול: ווער פרעגט אייך? וואָס מישט איהר זיך? צו אייך רעדט מען ניט.

מוטער: שאול'קע איז טאַקע גערעכט. וואָס נעהמט איהר זיך אָן פאַר באָגאַטקאָ'ן?

סמורלע: אפשר מיינט איהר, אַז איך קויף עס? אפשר מיינט איהר, אַז באָגאַטקאָ איז מיין פאַקטער, ווייל איך פאָהר ניט מיט אייך, ווייל מ'האָט מיר געגעבען אַן ערלויבעניש — — — קלעהרט איהר שוין גאָט ווייס וואָס . . . זאָג איך אייך, אַז איהר קאָנט קלעהרען וואָס איהר ווילט, מיר געהט עס אָן ווי דער פאַראַיאָהריגער שניי, איך שפּיי אויף אַלץ. עס וועט אייך גאָר ניט העלפען, באָגאַטקאָ וועט אייך מעהר קיין גראָשען ניט געבען, קיין גראָשען! (אָפּ).

שאול: (לויפט איהם נאָך, שטעלט זיך אָפּ) זיין גליק וואָס איך האָב נאָר איין האַנט.

דאָקטאָר: דאָס הויז אין וועלכען איהר האָט כמעט דאָס גאַנצע לעבען אָפּגעלעבט, דאָס הויז אין וועלכען אייערע קינדער זיינען געבוירען געוואָרען, דער טיש ביי וועלכען איהר זענט געזעסען מיט אייער פאַמיליע, דאָס איז דאָך — דאָס איז דאָך שרעקליך . . .

בערמאַן: ניט דאָס ערשטע מאָל לעב איך עס איבער.

דאָקטאָר: איהר זאָגט עס אַרונטער אַזוי רוהיג, גאָספּאָדין בערמאַן. (עס קומען אַריין משה און סאָניטשקע).

בערמאַן: איהר זאָגט, אַז איך בין רוהיג? דאַן האָט איהר אַ טעות ווען איהר דענקט אַזוי. ווי קאָן אַ מענש רוהיג בלייבען, ווען ער ליידעט אַזעלכע יסורים און טראָגט איבער אַזעלכע עינוים קשים, אָט דאָ ליגט דער וועהטאָג און איך טאָר ניט שרייען, מ'רייסט פון מיר שטיקער און איך טאָר זיך ניט באַקלאָגען. — אָט דאָס הויז האָב

איך געקויפט מיט 21 יאָהר צוריק. וויפיל האָב איך געאַרבייט און וויפיל חובות האָב איך געהאַט צו באַצאָהלען, ביז דאָס הויז איז גע־וואָרען מיינס. יעדעס בענקעל, יעדעס שטיקעל גלאָז דאָ אין הויז, אויף יעדער באַלקע, אויף יעדען שטיקעל אייזען האָב איך מיט בי־טערען שווייס געאַרבייט, און עהרליך געאַרבייט. אַלץ, אַלצדינג וואָס איהר זעהט דאָ איז דורך שווערער האָרעוואַניע אַריינגעבראַכט גע־וואָרען. אַט דעם טיש האָב איך נאָך געקויפט ווען איך בין נאָך אַ יונגערמאַן געוועזן, פריש, געזינד, מיט שוואַרצע האָר אויף מיין קאָפּ, ניט אַזוי גרוי און צובראָכען ווי איך בין איצט. (האַלט זיך איין פון וויינען) אָבער רעדען טאָר מען ניט, וויינען אפילו אויך ניט. אָבער מאָרגען, מאָרגען אין דער פריה אויף דעם בית־עולם וועלען מיר זיך אַלע אויסוויינען. — אַט די שאַך פיגורען זיינען שוין אויך אַלטע (נעהמט די פיגורען) זיי געדענקען נאָך ווען איך און דאַווידזאָן האָבען די ערשטע פּאַרטי שאַך געשפּילט, דאָס איז געוועזן מיט יאָהרען און יאָהרען צוריק, דאַמאָלסט איז אויך דאַווידזאָן געוועזן אַ יונגערמאַן, און געגאַנגען פעסט אויף זיינע פיס, ניט אונטערגעשפּאַרט מיט אַ שטעקען, און איך — און איך? — געדענקסטו דאַווידזאָן, געדענקסט?

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן : באַרוהיג זיך, באַרוהיג זיך, בערמאַן. הייסט עס, אַז די לעצטע פּאַרטי האָבען מיר נעכטען געשפּילט, בערמאַן האָט אויסגעשפּילט מיט די שוואַרצע פּיגורען. 23 יאָהר האָבען מיר אַ מלחמה געשפּילט אויפ׳ן שאַך־ברעט, ווייסט איהר ווער עס האָט גע־וואונען? מיר ביידע האָבען געוואונען. מיר, ווייל אין דער לאַנגער מלחמה איז צווישן אונז געשלאָסען געוואָרען אַ שטאַרקע און הייסע פריינדשאַפט.

מ ו ט ע ר : איהר זענט אַ פילאָזאָף. שטענדיג פילאָזאָפירט איהר.

(משה און סאָניטשקע קומען אַריין)

ב אָ ג אַ ט ק אָ : (דערזעהט דעם פידעל) עה, פאַרקויפט מיר דעם פידעל, וויפיל ווילט איהר?

מ ש ה : ניין, מיין פידעל וועל איך ניט אָפּגעבען.

ב אָ ג אַ ט ק אָ : פּאַניטש, צו וואָס דאַרפט איהר אַ פידעל? איך וועל אייך באַצאָהלען.

ד אָ ק ט אָ ר: (גריסט זיך מיט משה׳ן) איהר האָט באַקומען אַן ענט־פער פון אוניווערזיטעט?

מ ש ה: נאָך ניט.

ד אָ ק ט אָ ר: פאַר וואָס ווילט איהר ניט פאָהרען קיין אויסלאַנד?

מ ש ה: ניין, ניין אין אויסלאַנד וועל איך ניט פאָהרען.

ד אָ ק ט אָ ר: אָבער שטעלט אייך פאָר, אַז מען וועט אייך אין אוני־ווערזיטעט ניט אַריינגעהמען, וואָס וועט איהר דאַן טאָן?

מ ש ה: מ׳וועט מיך אַריינגעהמען.

ב אָ ג אַ ט ק אָ: נעהמט אַ האַלב צעהנדליג קאַרבאָוונצעס און גיט מיר אָפּ דעם פידעל!

מ ש ה: ניין!

ב אָ ג אַ ט ק אָ: מיין קאָפּ זאָל מיר אַזוי בלייבען אויף די פּלייצעס — איך קאָן ניט מעהר געבען, עס איז דאָך פאַר מיר אַליין און ניט פאַר קיין אַנדערען.

מ ש ה: דעם פידעל וועל איך ניט אָפּגעבען פאַר קיין געלד.

ל אָ ה: (באַווייזט זיך אויף דער שוועל) משה, מ׳פרעגט אויף דיר. די פּאַפּירען זיינען געקומען פון אוניווערזיטעט.

מ ש ה: געהט מיר קיינער ניט נאָך, לאָזט מיך אַליין! (געהט אָפּ).

ד אָ ק ט אָ ר: (שטעהט אויף) אַ שאָד. געלעבט אַ מענש דאָ מיט אונז און שוין פאַרטריבען, געוועזן אַן עהרליכער מענש, יאָגט מען אים אַרויס! אויף מיין וואָרט, מיר איז אַלץ איינס, אַ איד, אַ קריסט, זאָלען זיי נאָר האָבען גוטע הערצער. און פאַר וואָס איהר האַלט זיך אַזוי פעסט פאַר אייער רעליגיאָן, קוילעט מיך, פאַרשטעה איך עס ניט . . . אין מיטלאַלטער ווען די אינקוויזיציע איז געוועזן, פאַרשטעה איך נאָך, מ׳האָט באַדאַרפט אַזוי צו זאָגען, דאָס פאָלק זאָל ניט אונ־טערגעהן. איצט אָבער אין דער צייט פון פּראָגרעס, — אינקוויזיציעס זיינען איצט ניטאָ (קוקט זיך אַרום) און אפשר — אפשר האָב איך אַ טעות? . . .

מ ש ה: (קומט אַריין, אַלע באַטראַכטען איהם שטיל, געהט צו צו באָגאַטקאָ׳ן) גיב דאָס געלד, נעהם דעם פידעל!

ס אָ נ י אָ: ער פאַרקויפט זיין פידעל!

ב ע ר מ אַ ן: נו, וואָס הערט זיך, משה?

מ ש ה: געב דאָס געלד, געב דאָס געלד, גיכער! . . .
מ ו ט ע ר: מיין זוהן, מיין אָרים קינד . . .
מ ש ה: ניין, ניין ניט אָנגענומען — מ׳האָט מיר צוריקגעשיקט די פּאַפּירען. ניין — פייניגט מיך ניט . . . (אָפּ).
ד אָ ק ט אָ ר: אָט זעהט איהר, נאַט אייך, עס איז דאָך קלאָר, אָך! וואָס פאַר אַ מענשען איהר זענט? (געהט אַוועק, נאָך אים שאול, און די מוטער).
ס אָ נ י ׳ ט ש ק ע: טאַטע! טאַטע! טאַטע!
ב ע ר מ אַ ן: דאָס איז דאָך דאָס שרעקליכסטע! אַ קינד וויל לערנען, קאָנען די סודות פון דער נאַטור, לאָזט מען עס ניט, נאָר מ׳רייסט איהם אַרויס דאָס ביכעל פון דער האַנד, דאָס איז דאָך דאָס שרעקליכסטע! . . .
ב אָ ג אַ ט ק אָ: נו, לאָמיר מאַכען אַ סוף, געב די האַנד.
ב ע ר מ אַ ן: (ציהט אויס די האַנד).
ס אָ נ י ט ש ק ע: טאַטע! פאַרוואָס באַשרייבט קיינער ניט אַלץ וואָס מ׳מאַכט מיט אונז? איך האָב אַזויפיל ביכער געלייענט וועגען פאַרשידענע מענשען, פאַרשידענע פעלקער, און וועגען אונז האָט קיינער ניט געשריבען. ווען איינער וואָלט געשריבען ווי מ׳פאַרקויפט אונזער הויז, ווי מ׳נעהמט צו ביי משה׳ן דעם פידעל, און ווי שאול׳קע איז אָהן אַ האַנד, און וועגען דיר, טאַטע, און וועגען אייך, דאַווידזאָן, וואָלט מען ניט געשוויגען. מ׳וואָלט אויף אונז רחמנות געהאַט, מ׳וואָלט עס ניט דערלאָזען. פאַר וואָס באַשרייבט דאָס קיינער ניט?
ב אָ ג אַ ט ק אָ: לאָמיר מאַכען אַ סוף, און גענוג!
ב ע ר מ אַ ן: (מיט איין האַנד גלעט ער סאָניאַ׳טשקען, די אַנדערע שטרעקט ער אויס באָגאַטקאָ׳ן).
ב אָ ג אַ ט ק אָ: נעהם האַנד־געלד און מאָרגען באַקומסטו דאָס גאַנצע געלד, קום, שרייב אַ פּאַפּיר.
ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: (שטעלט אָפּ בערמאַנ׳ען) בערמאַן, איך האָב דיר נאָך עטוואָס צו זאָגען. געדענק עס, ווען מיר וועלען זיך נאָך אַמאָל באַגעגענען, געדענק, אַז איך שפּיל מיט די ווייסע.
ב ע ר מ אַ ן: פאַרשפּילט, פאַרשפּילט, דאָס גאַנצע לעבען פאַרשפּילט! (אָפּ מיט באָגאַטקאָ׳ן).

ד אַ ו ו י ד ז אָ ן: (צו סאָניאַ׳ן) אַזאַ בוך וועגען אונז וועט ניט אַזוי גיך אָנגעשריבען ווערען. אַזאַ בוך וועסטו לעזען דאַן, ווען עס וועט באַשריבען ווערען אַלע צרות פון אַלע מענשען, וואָס לעבען אויף דער פינסטערער וועלט. דאַן וועסטו לייענען אַ בוך אויך וועגען אונז. דו ביסט גערעכט, סאָניאַ׳טשקע, ווען אַזאַ בוך וועט אָנגעשריבען ווערען, וועט קיין שלעכטס צווישען מענשען ניט זיין, נאָר עס איז נאָך לאַנג צו וואַרטען, זעהר לאַנג. (געהט אָפּ).

ס אָ נ י ט ש ק ע: (בלייבט אַליין, געהט איבער׳ן צימער, גלעט דאָס מעבעל) גוטער טיש אונזערער — איהר ליבע ווענט — מ׳פאַר־קויפט אייך — וואָס זאָל מען טאָן? — וואָס קען מען טאָן? — וואַ־רימער גוטער אויוועז — דו ביסט אַ גוטער — אַ וואַרימער — (קושט אים).

ש א ו ל: (קומט אַריין).

ס אָ נ י ט ש ק ע: מיר וועלען באַלד זיין ווייט, ווייט פון דיר — איך וועל שוין קיינמאָל ניט זיצען נעבען דיר — דאָ וועלען זיין אַרום דיר אַנדערע מענשען, זאָל זיי אויך זיין וואַרים, ווי אונז איז געוועזן.

(עס הערט זיך דאָס פאַרשטיקטע געוויינען פון שאול׳ן, סאָניטשקע וואַרפט זיך צו איהם).

פ אָ ר ה אַ נ ג

---

## דריטער אַקט

אַ פאַרקען פון אַ בית־עולם, האַלב צעפאַלען פון אַלטקייט, עס זעהען זיך שוואַרצע צווייגען פון בוימער, וואָס וואַקסען אויפ׳ן בית־עולם. דער פאַרקען איז ניט קיין הויכער. עס איז זעהר שטיל און אומבאַוועגליך. ס׳איז אַ ליכטיגער הערבסט פריהמאָרגען, דעם בית־עלמין זעהט מען ניט, איינצעלנע פערזאָנען געפינען זיך אויף דער זייט פון פאַרקען.

(אויף דער ביהנע **לאה** און די **לעהרערין**)

**ל אָ ה :** זייט געזונט. (גיט איהר די האַנד) מיר שפּאַצירען אַרום דעם גאַנצען פריהמאָרגען אַהין און צוריק, פּונקט ווי גימנאַזיסטקעס.

(**שאול** זיצט אויף אַן אָפּגעהאַקטען בוים).

**ש א ו ל :** יאָ, וואָס?

**ל ע ה ר ע ר י ן :** וועל איך אייך נאָך זעהן?

**ל אָ ה :** געוויס.

**ל ע ה ר ע ר י ן :** נו, זייט געזינד. (קליינע פּאוזע) וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרער פריהמאָרגען!

**ל אָ ה :** יאָ.

**ל ע ה ר ע ר י ן :** קאָן איך מיט אייך רעדען אויף „דו”? ניט רע־דען נאָר דענקען וועגען אייך אויף „דו”?

**ל אָ ה :** (שמייכעלט) יאָ, דאָס איז גוט.

**ל ע ה ר ע ר י ן :** איהר ווייסט, איך זעה אייך דאָס ערשטע מאָל שמייכלענדיג.

**ל אָ ה :** (צו שאול׳ן) קום, שאול!

**ש א ו ל :** (ווי אויפוואַכענד) נאַרישקייטען, נאַרישקייטען . . . איך טראַכט אַלץ וויפיל איז ווערטה אַ מענשענס האַנד? אַ האַנד איז ווערטה צוויי טויזענד און אַמאָל די גאַנצע דריי, קומט דאָך אויס, אַז עס איז געווען אַ גרויסער טעות.

**ל ע ה ר ע ר י ן :** פאַר וואָס עפּעס אַ טעות?

**ש א ו ל :** געוויס. איך האָב באַצאָהלט און טאָר דאָ ניט וואוינען. צו־גענומען ביי מיר צוויי טויזענד רובעל און אפשר די גאַנצע דריי, און פּאַשאָל וואָן! גיט מיר צוריק מיין האַנד וועל איך געהן. דאָס איז דאָך ניט עהרליך.

**ל ע ה ר ע ר י ן :** אַלעס וועט זיך איבעראַנדערשען, עס וועט זיין אַנדערש.

**ש א ו ל :** וואָס וועט זיין אַנדערש? אַז איך בעט ביי זיי קיין טובות ניט. איך וויל גאָרניט, אַז זיי זאָלען אויף מיר רחמנות האָבען. איך וויל נאָר, אַז עס זאָל זיין עהרליך געהאַנדעלט. אַ האַנד איז געלד? יאָ. איך האָב אייך באַצאָהלט? יאָ. אַ האַנד האָט מען ביי מיר אַראָפּ־

גענומען? יאָ. וואָר־זשע איז די עהרליכקייט? איז דאָך עס אַ פאַל־שער חשבון!

ל אָ ה: הער אויף, שאול, גענוג. מאַלע וואָס פאַר אַ חשבונות, מ׳האָט אונז ניט באַצאָהלט.

ש א ו ל: עס איז דאָך אַ פאַלשער חשבון.

ל ע ה ר ע ר י ן: (צו לאָה׳ן) ווען איך בין געקומען אַהער אין דער שולע, ביסטו שוין דאָ ניט געווען, נאָר אַלע האָבען גערעדט וועגען דיר, און אַלץ געוואַרט אַז דו וועסט צוריקקומען און ברענגען אונז אַלעמען פרייד.

ל אָ ה: איך האָב געמיינט, אַז איך געה אַוועק פון זיי אויף אייביג, איך האָב געטראַכט, אַז איך האָב ניט קיין פאַמיליע, קיין פריינט. נאָר ווען איך בין קראַנק געוואָרען אין טורמע, האָט זיך מיר גע׳חלומ׳ט אונזער אָרים שטעדטעל, אונזער טייך און געסלאַך. איצט האָב איך זיך אומגעקעהרט, איך האָב זיי אָפגענאַרט . . . איך פיהל מיך אַזוי שולדיג געגען זיי . . . ווי קאַלט דאָ איז . . .

ש א ו ל: דו זאָגסט, דיר האָט זיך גע׳חלומ׳ט. און מיר חלומ׳ט זיך שטענדיג, אַז איך בין מיטביידע הענד, אַזוי ווי פריהער . . . עס חלומ׳ט מיר אָפט, אַז איך האָב מיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענד פאַר׳ן עפּעל־בוים, פאַר אונזער עפּעל־בוים אויפ׳ן הויף, און איך טרייסעל . . . מיט ביידע הענד טרייסעל איך . . . און די עפּעל פאַלען, פאַלען . . . און ווען איך כאַפּ זיך אויף און איך דערזעה, אַז ס׳איז ניט ביידע נאָר איינע, איינע . . . (אָפּ מיט פאַרשטיקטן שלוכצען).

ל אָ ה: מעהר פון אַלעמען באַדויער איך אונזער שאול׳ן, מעהר זאָגאַר פון מיר אַליין. איך האָב אַזויפיל געליטען און איבערגעטראָגען, וואוהין איז דאָס אַלעס אַהינגעקומען? ווער דאַרף עס אַלע אונזערע ליידען? ווער טראַכט וועגען דעם? ווער רעכענט זיך מיט דעם? (פּאָוזע) איך האָב געוואָלט דיך וועגען עפּעס פרעגען. זאָג מיר דעם אמת. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דו ליבסט לעוויט׳ן, אַז ער געפעהלט דיר . . .

ל ע ה ר ע ר י ן: (לאַכט געצוואונגען) וואָס רעדט איהר? גאָט איז מיט אייך? וואָס אייך קאָן איינפאַלען . . .

ל אָ ה: און מיר האָט זיך אויסגעוויזען.

ל ע ה ר ע ר י ן: נאַרישקייטען . . .

ל אָ ה: ווי שטיל דאָ איז.

ל ע ה ר ע ר י ן: דאָ געהט קיינער ניט, מ'האָט מורא פאַר דעם בית־עולם, און איך האָב זעהר ליב דאָס פּלאַץ.

ל אָ ה: פאַר וואָס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז ער געפעהלט דיר?

ל ע ה ר ע ר י ן: (אונטערברעכט איהר) דיר איז שוין צייט צו געהן.

לאָה. דער עולם קלויבט זיך שוין דאַוונען.

ל אָ ה: זיי געזונט, דו געהסט שוין אויך?

ל ע ה ר ע ר י ן: יאָ . . .

ל אָ ה: זיי געזונט. (גיבען זיך די הענד. — לאה אָפּ).

ל ע ה ר ע ר י ן: (בלייבט אַליין).

ל ע ו ו י ט: (קומט אָן) איך האָב אַביסעל פאַרשפּעטיגט?

ל ע ה ר ע ר י ן: ניין.

ל ע ו ו י ט: איך בין אַוועק פון פאַבריק. איך האָב זיי געזאָגט: מיינע הערצען, זייט געזונט, איך געה אַוועק. איצט בין איך אינגאַנצען פריי. (רייבט די הענד) איהר ווייסט, וואָס מיר איז איינגעפאַלען? פאַר וואָס האָט מען אַזוי ליב די פרייהייט? מ'האָט זי ליב, ווייל די פרייהייט איז אַ ריינער געוויסען.

ל ע ה ר ע ר י ן: יאָ . . . (פּאוזע) איך וועל אייך לאַנג ניט אויפ־האַלטען, איך האָב אייך נאָר געוואָלט זאָגען (הויבט אויף דעם קאָפּ) איהר קאָנט אפשר מיינען, אַז איהר האָט וועלכע ס'איז פליכט אין דער באַציהונג צו מיר, ווייל איך אייך זאָגען . . . אַז . . . גאָרניט — איך וועל אייך שטענדיג דערמאָנען צום גוטען — — —

ל ע ו ו י ט: פאַר וואָס רעדט איהר אַזוי?

ל ע ה ר ע ר י ן: איהר זענט אינגאַנצען פריי — און דאָס וואָס איהר האָט מיר געזאָגט אין פאַרגאַנגענעם פריהלינג — האָב איך שוין לאַנג פאַרגעסן — —איהר האָט מיר גאָרניט געזאָגט . . . איך מוז שוין געהן.

ל ע ו ו י ט: ענטפערט, איך האָב אייך דאַמאָלט אין יענעם פריהלינג געפרעגט: איהר ליבט מיך?

ל ע ה ר ע ר י ן: (פעסט) איך ליב אייך ניט, איך ליב אייך ניט . . .

ל ע ו ו י ט: געוויס—ניין—איהר זענט אַ זעלטענע פערזאָן . . . מיך

טרייבט מען ניט, איך פאָר אַוועק, ס׳קאָן זיין, אַז עס איז ניט לאַגיש אַרויסגעהענדיג פון מיין שטאַנדפּונקט, אָבער ווען אַלע פאָהרען אַוועק קאָן איך ניט זיין דאָ, איך קאָן דאָ ניט אַליין צוריק בלייבען.

ל ע ה ר ע ר י ן: איהר מוזט זיין צוזאַמען מיט איהר.

ל ע ו ו י ט: מיט איהר? מיט וועמען?

ל ע ה ר ע ר י ן: מיט לאָה׳ן.

ל ע ו ו י ט: זי האָט אייך עפּעס געזאָגט?

ל ע ה ר ע ר י ן: ניין.

ל ע ו ו י ט: איך האָב אויף איהר רחמנות . . .

ל ע ה ר ע ר י ן: נאָר איהר אַליין קאָנט איהר העלפען.

ל ע ו ו י ט: יאָ. נו, איך האָב עס איהר געזאָגט, ווען עס וואָלט גע־ ווען אַן אַנדערער מענש איז עפּעס אַנדערש, נאָר איך בין דאָך עס, אַן אומבאַקאַנטער, איך בין אַן איינפאַכער מענש — איך פאַרשטעה, איך ווייס ווער איך בין און ווער זי איז —

ל ע ה ר ע ר י ן: (מיט אַ ציטער אין שטימע) איהר האָט ניט קיין ריכטיגע מיינונג וועגען זיך, איהר זענט גאָרניט קיין איינפאַכער מענש, איהר זענט פיל העכער און בעסער ווי איהר מיינט.

ל ע ו ו י ט: (באַדעקט זיך) אַנטשולדיגט מיר, אפשר ליבט איהר מיך פאַרט, אפשר זאָגט איהר עס נאָר אַזוי?

ל ע ה ר ע ר י ן: צוליב וואָס וואָלט איך אייך געזאָגט? — געהט, געהט, זייט נעבען איהר און זעהט זי זאָל זיין גליקליך, און איך וועל אייך ביידען ליבען . . .

ל ע ו ו י ט: נו, און איהר?

ל ע ה ר ע ר י ן: איך? — איך בלייב דאָ, איך וועל אייך אָפּט אַלע דערמאָנען, איך וועל אַרבייטען, מיר סאָציאַליסטען האָבען נאָך פיל צו אַרבייטען . . .

ל ע ו ו י ט: יאָ, יאָ פיל צו אַרבייטען, אָבער איצט פיל איך, אַז איך דאַרף זיין מיט מיין פאָלק. פאַר וואָס ווייס איך אַליין ניט, עס קומט ניט פון דאַנען (ווייזט אויפ׳ן קאָפּ) נאָר פון דאַנען. (ווייזט אויפ׳ן האַר־ צען) ווער ווייסט, פיליכט וועלען מיר זיך נאָך אַמאָל באַגעגענען!

ל ע ה ר ע ר י ן: פיליכט אַמאָל. מעגליך ווען אונזער אַרבעט וועט

זיין פאַרענדיגט, ווען עס וועט ניט זיין קיין אונטערשייד פון מיין פאָלק און דיין פאָלק.

(לעוויט אָפּ, לעהרערין בלייבט שטעהן. איהר געזיכט איז בלאַס און שטרענג, ווי ביי איינעם וואָס לעבט איבער אַ טיפע דראַמע, זי שטעהט פאַרגליווערט. עס באַווייזט זיך משה, זעהר פאַרקלעהרט).

לעהרערין: דאָס זענט איהר, משה?

משה: (פאַרקלעהרט) גוט מאָרגען!

לעהרערין: איך האָב געוואָלט זעהן ווי מ׳קלייבט זיך צוזאַמען אויפ׳ן בית־עולם, איהר געהט־מיט מיט אַלעמען?

משה: ניין!

לעהרערין: עס איז אַזאַ ריהרענדער מנהג: איידער מ׳פאָהרט אַוועק קלייבט מען זיך צוזאַמען אויפ׳ן בית־עולם און מען געזעגענט זיך איינע מיט די אַנדערע.

משה: און מיט די טויטע.

לעהרערין: יאָ...

משה: הייסט עס, אַז איך דאַרף זיין דאָרט.

לעהרערין: (ניט פאַרשטעהענדיג) יאָ....

משה: איהר ווייסט איך בין ניט אָנגענומען געוואָרען אין אוניווער־זיטעט, מ׳האָט מיר צוריקגעשיקט די פּאַפּירען.

לעהרערין: און דאָס פאַרשאַפט אייך שמערצען? (זעצט זיך).

משה: איצט שוין ניט, איצט אַרט מיך שוין ניט...

לעהרערין: איהר זענט נאָך יונג, דאָס לעבען איז נאָך פאַר אייך.

משה: יאָ...

לעהרערין: ווי אַלט זענט איהר?

משה: איצט בין איך אַלט בלויז 18 יאָהר, נאָר אין אָווענד וועל איך עלטער ווערען אפשר מיט אַ הונדערט יאָהר.

לעהרערין: איך פאַרשטעה אייך ניט.

משה: און איך פאַרשטעה היינט אַלץ, היינט ווייס איך אַלץ.

לעהרערין: וואָס?

משה: קיינער האָט מיר גאָרניט געזאָגט, און איך ווייס, אַז איהר זענט טיף אומגליקליך, איהר ליבט איהם, און ער פאָהרט אַוועק.

ל ע ה ר ע ר י ן: איך האָב איהם אַ ליגען געזאָגט, און ער האָט גע־גלויבט . . .

מ ש ה: (רוהיג) איך זעה אַלצדינג. נייך, מיר איז שוין איצט מעהר פון 18 יאָהר.

ל ע ה ר ע ר י ן: עס טהוט מיר אַלץ אַזוי וועה, איך וואָלט 5 יאָהר פון מיין לעבען אָפּגעגעבען, אַז איהר זאָלט בלייבען דאָ.

מ ש ה: (לאַכט).

ל ע ה ר ע ר י ן: וואָס לאַכט איהר?

מ ש ה: 5 יאָהר פון לעבען? דאָס איז ניט זעהר פיל . . .

ל ע ה ר ע ר י ן: איהר זענט אומבאַרמהערציג!

מ ש ה: איך בין אַ מאָדנער. (קלעהרט) און אָהן אַ האַרץ. איך האָב שטענדיג געפיהלט וואָס מיט מיר וועט זיין.

ל ע ה ר ע ר י ן: איך בין אומגליקליך און אין דער זעלבער צייט גליקליך, איך קאָן עס מיר ניט ערקלעהרען.

מ ש ה: איך האָב מיך אומעטום געפיהלט ווי אַ פרעמדער. איך בין עפּעס שטענדיג געווען ווי אַ גאַסט ביי מענשען, איצט אָבער איז מיר אַלץ אַזוי קלאָר, אַזוי דייטליך. איך האָב געקוקט אויף די בוימער און האָב זיך געזאָגט, דאָס זיינען פרעמדע בוימער, אַ פרעמדע ערד, אַ פרעמ־דער הימעל — אַלעמאָל האָב איך אַזוי געקלעהרט, פון קינדוויייז אָן. (פאַרקלעהרט זיך) נייך, די שטערן זיינען מיר ניט געווען קיין פרעמדע. ביינאַכט בין איך איבערהויפּט געווען אַן אַנדער מענש, ביינאַכט האָב איך ניט געקלעהרט פון דעם וואָס איך בין אַ איד. ווען איך האָב אויפ׳ן פידעל געשפּילט, האָב איך אויך פאַרגעסען, אַז איך בין אַ איד, איך האָב נאָר די אויגען געמוזט פאַרמאַכען, איך זאָל גאָרניט זעהן, — די פידעל האָב איך אָבער פאַרקויפט, דאָס איז נידערטרעכטיג.

ל ע ה ר ע ר י ן: פאַר וואָס האָט איהר עס געטאָן?

מ ש ה: איך האָב זי ניט פאַרקויפט, איך האָב זי אויסגעביטען . . .

ל ע ה ר ע ר י ן: אויף וואָס האָט איהר זי אויסגעביטען?

מ ש ה: אויף אַן אַנדער אינסטרומענט — — — איך לאַך, עס איז אַ וויץ — — — (ענדערט דעם טאָן) היינט איז עפּעס אַלץ אַנדערש. איך פיל מיך גרויס, אומעטום בין איך פול, אַלץ איז מיינס, איך בין אַלץ. איך בין היינט זעהר רייך, איהר ווייסט פאַר וואָס?

ל ע ה ר ע ר י ן: זאָגט.
מ ש ה: זאָגען איך?
ל ע ה ר ע ר י ן: ווייל איהר זעהט אַלץ צום לעצטען מאָל?
מ ש ה: (אַקצענטירט) ווייל איך זעה אַלץ צום לעצטען מאָל. היינט פיהל איך זיך ניט אַ איד. פיהלט דען אַ קריסט שטענדיג, אַז ער איז אַ קריסט? ניין, ער פאַרגעסט, ער פיהלט זיך איינפאַך ווי אַ מענש. אַ איד פיהלט, אַז ער איז אַ איד אַפילו אין שלאָף. אַ איד קאָן קיינ־מאָל ניט זיין גליקליך, ווייל איהם קאָן מען קיינמאָל ניט אָפּנאַרען, און גליק איז דאָך ניט מעהר ווי אַ נאַרעריי... איך וואָלט איין זאַך געוואָלט וויסען: וואָס איז אַזוינס ליבע?
ל ע ה ר ע ר י ן: איהר וועט נאָך וויסען. ליבע איז אַ טיפע לייד און אַ גרויסע פרייד.
מ ש ה: אָבער ליבען מוז זיין זעהר גוט. דו ליבסט און קלעהרסט גאָרניט וואָס וועט זיין... היינט איז אַ וואונדערבאַרער טאָג... איהר ווייסט, מען האָט מיר די פּאַפּירען צוריקגעשיקט?
ל ע ה ר ע ר י ן: (פאַרוואונדערט) איהר האָט עס מיר שוין געזאָגט.
מ ש ה: אַזוי... אַזוי... איהר ווייסט, איך פאָהר דאָך אַוועק ווייט...
ל ע ה ר ע ר י ן: משה, וואָס איז מיט אייך?
מ ש ה: מ׳וועט רעדען וועגען מיר, מ׳וועט זאָגען פאַרשידענע זאַכען פון מיר, און איך וועל זיך ניט קאָנען פאַרענטפערען, נאָר איך וועל אייך עפּעס זאָגען: מיך אַרט ניט וואָס מ׳האָט מיר די פּאַפּירען צוריק־געשיקט. עס אַרט מיך ניט — אַ גרויסע זאַך! מען קאָן זיך לערנען אין אויסלאַנד, מ׳קאָן זיך גאָרניט לערנען, מען דאַרף זיך פיהלען שטאַרק, אַזוי שטאַרק, אַז די קלעפּ זאָלען ניט וועה טאָן. (פּאַוזע) יאָ, ווען פויגעלאַך פליהען צוזאַמען, פּאַסירט עס, אַז איינינגע שטעהען אָפּ פון דער מחנה פויגעלאַך; זיי שטעהען אָפּ און פאַלען. (שמייכעלט) דאָס הייסט, אַז די פויגעלאַך זעהן פאַר זיך אַ לאַנגען, לאַנגען וועג, און אָט פליהען זיי. יאָ, (קוקט צו איהר) פונדעסטוועגען הערט מיין עצה, וואָס עס זאָל מיט אייך ניט פּאַסירען, זעלבסטמאָרד זאָלט איהר ניט באַגעהן. מ׳דאַרף לעבען, לעבען, לעבען!...
ל ע ה ר ע ר י ן: וואָס איז מיט אייך, משה?

מ ש ה: ווען איך וואָלט קיין איד ניט געווען, וואָלט איך געוויס געווען גליקליכער. איצט בין איך שטאָלץ דערמיט, וואָס איך בין געבוירען אַ איד! (שטימען אין דרויסען).

ל ע ה ר ע ר י ן: איהר זענט עפּעס היינט אַזוי מאָדנע, איך געה אַהיים, באַגלייט מיך!

מ ש ה: באַגלייטען? גוט! (ביידע אָפּ).

(עס באַווייזען זיך סמורלע און באַגאַטקאַ)

ס מ ו ר ל ע: וואָס שלעפּסטו זיך נאָך מיר, ווי אַ הונט? וואָס היטסטו מיינע טריט ווי אַ שד?

ב אָ ג אַ ט ק אָ: עס געהט ניט, ווי קומט עס אויס? ניט ריכטיג, אויף מיין וואָרט, ניט עהרליך!

ס מ ו ר ל ע: דו האָסט דאָך באַקומען געלד, דו האָסט מיר אַ קוויטאַנציע געגעבען, וואָס געהסטו מיר נאָך ווי אַ קללה פון גאָט?

ב אָ ג אַ ט ק אָ: איך האָב זיך געסטאַרעט. וואָס, איך האָב זיך דען ניט געסטאַרעט? און צוליב וואָס האָב איך זיך געסטאַרעט? וואָס קומט אַרויס — — איך האָב אַ פּייג!

ס מ ו ר ל ע: לאָז מיך אָפּ, שיכור איינער, פאַר וואָס האָב איך זיך פאַרבונדען מיט דיר?

ב אָ ג אַ ט ק אָ: די וויבער מאַכען פון מיר חוזק, לאַכען פון מיר, אויף מיין וואָרט, (לאַכט) צוליב וואָס? פּיער הייזער מיט אַ גאָרטען געקויפט, אַ שראנק געקויפט, אַ פיטער געקויפט, אַ שפּיגעל געקויפט, און איך האָב גאָרניט . . .

ס מ ו ר ל ע: גראָבער קאָפּ, טעמפּער מח, דו האָסט דאָך ניט פאַר דיין געלד געקויפט. ווער האָט דיר דאָס געלד געגעבען?

ב אָ ג אַ ט ק אָ: אמת, ריכטיג! דאָס געלד איז טאַקע געווען אייערס, אייער געלד, ווי קומט צו מיר געלד? נאָר — עס איז עפּעס ניט קיין טאָלק, געקויפט האָב איך אַזויפיל און איך האָב גאָרניט.

ס מ ו רל ע: גוי'אישער קאָפּ, חמור! געה אַוועק פון מיר, איך געה אויפ'ן בית־עולם?

ב אָ ג אַ ט ק אָ: אַזוי פיל זאַכען אָנגעקויפט און איך האָב גאָרניט, עפּעס איז עס פּריקרע, ביי מאָרדקען אַ הויז צוגענומען, אַ מענשען אומגליקליך געמאַכט, אַ גוטען מענשען אַ רעה געטאָן. אויף מיין וואָרט,

ניין, אַזוי וועט עס ניט געהן! וואָס בין איך עפּעס אַ גזלן? אַ גנב בין איך? גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רייד! עס וועט ניט געהן. עך, דו פאַרשיווע מאָרדע, דו!

ס מ ו ר ל ע: וואָס זידעלסטו דיך, זעהסט ניט, אַז דאָס איז אַ בית־עולם, פּיאַניצע, אַ רוח אין דיין טאַטען אַריין!

ב אָ ג אַ ט ק אָ: פאַר וואָס האָב איך זיך געמאַטערט! געלאָפען ווי אַ הונט, מענשען אומגליקליך געמאַכט, ניט פאַר זיך, נאָר פאַר אַזאַ הונט ווי דו. פּיער הייזער, צוויי בהמות, אַ גרויסען גאָרטען, אַ שפּיגעל — וואו זיינען זיי? נאָר די פידעל איז מיר געבליבען. אַ גנב ביסטו, — —אָט וואָס דו ביסט! דיינע אייגענע ברידער האָסטו אָפּגעשינדען דורך מיר, איך וועל דיר די מאָרדע צושעדיגען, דעם מוח צושפּאַלטען.

ס מ ו ר ל ע: דו האָסט דאָך באַקומען געלד! וואָס שרייסטו? בין איך דיר שולדיג, אַז דו האָסט עס פאַר׳שיכור׳ט? איך בין ניט שול־דיג. (רוקט איהם געלד אין האַנט אַריין) נאַ דיר, און געה. וואָס האָסטו זיך אָנגעטשעפּעט אָן מיר? זיי האָבען פאַרקויפט און איך האָב געקויפט. ווער וואָלט זיי מעהר געגעבען? געה שוין, געה, כאַמולע.

ב אָ ג אַ ט ק אָ: מענשען אומגליקליך געמאַכט... (זינגט, געהט אָפּ).

ס מ ו ר ל ע: (בלייבט אַליין, ער ווערט גאָר אַן אַנדער מענש, דאָס געזיכט דריקט אויס אַליידנשאַפטליכע נייגעריקייט, ער באַהאַלט זיך, האָט מורא אַז מען זאָל איהם ניט באַמערקען. אין דער זעלבער צייט קוקט ער אויס טרויעריג, קאָן זיך ניט באַהערשען און ברומט). אָט געהט זיין קרבן, אָט געהט הורוויטש—ניין, עס איז ניט הורוויטש, עס איז קאָהען און זיין זוהן, אַ הויז מיט אַ גאָרטען, אַ וואויל הויז, זעהר ביליג געקויפט . . . — דאַווידזאָן — אַ משוגע׳נער פילאָזאָף! שפּי־נאָזאַ איז ער! — וואָס פאַר אַ געטרייען קאָפּ ער האָט, אַ קאָפּ אַ ליכטיגען, אַ קאָפּ ווי אַ מיניסטער — שפּילט קונציג שאַך, בעסער פאַר בערמאַנ׳ען — אָט געהט דער חזן — אָט איז שיינין מיט זיין ווייב — אַלע זיינען שוין דאָ — אָט איז מרדכי בערמאַן . . . ווער וואָלט איהם מעהר געגעבען? אַז קיינער וואָלט אייך מעהר אַ גראָשען ניט געגעבען, דאַנקט גאָט וואָס מען האָט אייך כאָטש אַזויפיל געגעבען. אַזוי האָט איהר כאָטש עפּעס. ס׳איז דאָך אַן אַלט הויז, אַ פאַרשימעלט הויז, מ׳דאַרף עס איבערבויען, מ׳דאַרף נייע פאָדלאָגעס, אַלץ ניי — עס

דאַרף קאַסטען אַ סך געלט . . . אַט, געהט לעוויט, ער איז אויך דאָ — די ביבעל איז ניט מעהר ווי אַ בוך! אַהאַ! פאַראַן נאָך אַנדערע ביכער, אַהאַ! געקומען טאַקע מיט אַלעמען גלייך . . . אַלע זיינען דאָרט, יונגע, אַלטע, מענער און פרויען — ביליג געקויפט ווער וואָלט אייך מעהר געגעבען? (משה קומט אָן; דערשראָקען) אָה, משה׳לע, זעה, משה׳לע, אַלע זיינען אויפ׳ן בית־עולם, זעהסט, שאַ, הער זיך צו, מ׳האָט שוין אָנגעהויבען (עס הערט זיך דאָס זינגען פון „אל מלא רחמים״. סמורלע כאַפּט אָן משה׳ן פאַר׳ן האַנט, הערט זיך צו, שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, זאָגט נאָך).

מ ש ה: פאַר וואָס שטעהט איהר דאָ?

ס מ ו ר ל ע: ששש, שאַ, איך וויל הערען (זאָגט נאָך).

מ ש ה: סמורלע, איהר האָט מורא באַגעגענען זיך מיט זיי?

ס מ ו ר ל ע: (דערשרעקט זיך, ווערט אויפגעציטערט, קוקט זיך אַרום) וואָס? פון וואַנען ווייסטו עס? דו האָסט געזעהן באַגאַטקאָ׳ן? ער האָט דיר עפּעס געזאָגט?

מ ש ה: איך האָב קיינעם ניט געזעהן.

ס מ ו ר ל ע: ס׳איז אַ ליגען, ס׳איז אַ ליגען! וועגען מיר רעדט מען אַלעמאָל שלעכטס. איך בין געפאָהרען צום גובערנאַטאָר, האָט מען מיר געגעבען אַן אַטסטראַטשקע, ס׳איז אַלץ אַ ליגען וואָס מען רעדט. (הערט זיך צו און זאָגט נאָך, אויפגערעגט) פאַר וואָס זאָגסטו ניט נאָך? פאַר וואָס געהסטו ניט תפילה טאָן? שייגעץ איינער, דו ביסט נאָך צו יונג ניט צו דאַוונען, געה אַוועק פון דאַנען. (הערט זיך צו) דו הערסט? איך גלויב ניט — וואָס הייסט איך גלויב ניט? קאָן דען איינער זאָגען אַז ער גלויבט ניט? דו ווייסט גאָר אַליין ניט צו די גלויבסט, צו ניט — וואָס הייסט גלויבען?

מ ש ה: גלויבען הייסט ליבען.

ס מ ו ר ל ע: (זאָגט נאָך שטיל) את נשמת יוסף בן דוד, אברהם בן משה, יצחק בן צבי, צדיק בן שמואל, משה בן יוסף, אוי, דו ווייסט ווער עס איז משה בן יוסף? דאָס איז דאָך יענער קאַרעליק, דער פעלדשער, וואָס האָט געהאָלפען די פאַרוואונדעטע, וואָס מ׳האָט אויס־געהרג׳עט אין פּאָגראָם אין מיטן העלען טאָג, אַ ליכטיגען גן־עדן זאָל ער האָבען, יעזוס זאָל אייך היטען!

מ ש ה: וואָס?

ס מ ו ר ל ע: יאָ, יאָ, (אויפגערעגט) משה׳לע טייערער, ליבער משה׳לע, זאָג דיין טאַטען, זאָגען זיי אַלעמען אַז זיי זאָלען מיך ניט פאַרשעלטען — זיי זאָלען רחמנות האָבען — שפּעטער זאָלסטו זיי זאָגען ווען איהר וועט שוין זיין ווייט, איצט זאָלסטו זיי גאָרניט זאָגען, זאָלען זייערע קללות פאַלען אויפ׳ן קאָפּ פון פאַוועל סמורלע, דער משומד, נאָר מיינע קינדער, מיינע קינדער זאָלען זיי ניט שעלטען . . .

מ ש ה: איך קאָן עס זיי ניט זאָגען . . .

ס מ ו ר ל ע: איך וועל פאַר זיי גאָט בעטען שפּעטער. מיינע קינדער זאָלען זיי ניט שעלטען. וואָס האָבען זיי געטאָן מיינע קינדער? זיי וועלען זיין אינזשינערען, דאָקטוירים, גענעראַלען . . .

מ ש ה: זיי פליהען, זיי פליהען, איינציגע שטעהען אָפּ, ניט ווייל זיי זיינען מיד, ניין, ווייל זיי ווייסען אַז זיי וועלען באַלד מיד ווערען, פליהט אַהן אונז — אאו! זייט געזינד, סמורלע! אאו!

ס מ ו ר ל ע: דו געהסט שוין אַוועק, משה׳לע, וואָס אַרט דיר, אַז דו וועסט דאַווענען ווען אַפילו דו ביסט ניט זיכער אויב ער הערט דיך אָדער ניט, וועגען מיר אָבער — אַז איך האָב זיך גע׳שמד׳ט זאָלסטו קיין וואָרט ניט רעדען.

מ ש ה: מ׳האָט מיר די פּאַפּירען צוריקגעשיקט, אַ גרויסע זאַך . . .

ס מ ו ר ל ע: געוויס, געוויס, דו וועסט ניט פאַרפאַלען ווערען, דו האָסט אַזאַ גוטען קאָפּ, מרדכי בערמאַנ׳ס ביסטו דאָך. שמד׳ן זאָלסטו זיך אָבער ניט, דו הערסט — הערסט, אַפּיקורוס, פּושע ישראל!? דו וועסט דיך ניט שמד׳ן, ביסט אַ וואויל אינגעל! האָסט אַ גאָלדענעם קאָפּ! (משה געהט אָפּ).

ס מ ו ר ל ע: גערע געזינטערהייט (קוקט איהם נאָך) זאָג זיי משה׳לע, אַז — וואוהין? משה׳לע — ניט אַהין — משה׳לע וואָס טוסטו דאָרט? (שרייט צום בית־עולם) וואָס טוסטו דאָרטען? (פאַרדעקט דאָס געזיכט) ניין, דו וועסט שוין קיין אינזשיניר ניט ווערען, דו וועסט קיין גענע־ראַל ניט זיין (עפנט די אויגן, מ׳הערט אַ שאָס) וואָס — טהוט ער, משה׳לע? — — — . . . בעסער אַזוי, בעסער!!!

פ אָ ר ה אַ נ ג

# דער זינגער פון זיין טרויער

## (יאָשקע מוזיקאַנט)

אַ טראַגי־קאָמעדיע אין 3 אַקטען
מיט אַ פּראָלאָג און עפּילאָג

## פערזאָנען:

---

דער פאָטער.

אַ קליין מיידעלע.

מאַדאַם לוריע.

סעמיאָנטשיק, איהר זון.

אליעטשקע, איהר טאָכטער.

שיינע, איהרע אַ ווייטע קרובה.

האָדעס, אַ מאַרק־אידענע.

בערל פערלזאָן, אַ וואַסערטרעגער.

יאָשקע, אַ מוזיקאַנט, זיין זוהן.

שייקע, אַ קוימענקערער.

גאָדינסקי, אַ מעקלער.

בעטלער, אַלטע לייט.

# פּראָלאָג

(אַ ווינקל פון אַ שלאָפצימער. אַ בעטל. דאָס מיידעלע ליגט זיך שלאָפן, דער פאָטער דעקט איהר איין).

פ אָ ט ע ר: שוין צייט צו שלאָפן.

מ י י ד ע ל ע: צו וואָס האָט מען צו אונז אַריינגעלאָזען דעם דאָזיגען משוגע'נעם? ער איז אַזאַ שרעקליכער, אַן אָפּגעריסענער... ער איז דאָס אונזער שטאָט־משוגע'נער?

פ אָ ט ע ר: יאָ. לייג זיך...

מ י י ד ע ל ע: און פאַר איהם איז געווען אַן אַנדערער?

פ אָ ט ע ר: יאָ.

מ י י ד ע ל ע: איז דער ערשטער דען אַ שלעכטער געווען, וואָס מ'האָט אַן אַנדערען גענומען? פאַרוואָס רופט מען איהם „דער געדונגענער חתן"? אינגלאַך לויפען איהם נאָך אויף דער גאַס און שרייען: „יאָשקע, געדונגענער חתן"... איך האָב מורא פאַר איהם.

פ אָ ט ע ר: מ'דאַרף נישט מורא האָבען פאַר איהם.

מ י י ד ע ל ע: ער איז אַ מאָדנער... (לאַכט) ער זאָגט: „אָט וועל איך אייך שפּילען אַ פּריילעכס פאַר חתן־כלה", און שפּילט גאָר אַ טרויריקס. ווי ס'ווייזט אויס, פאַרשטעהט ער ניט.

פ אָ ט ע ר: ער פאַרשטעהט יאָ. איך זאָג אָבער שלאָף, שוין נאַכט.

מ י י ד ע ל ע: אַ גוטע נאַכט, בער... דו ביסט מיין בער, אָבער אַ גוטער בער.

פ אָ ט ע ר: און געטראַכט זאָל נישט ווערען מעהר וועגען דעם משוגע'נעם יאשקע.

מ י י ד ע ל ע: איך טראַכט נישט מעהר... (ליגט זיך).

פ אָ ט ע ר: פאַרמאַך די אויגעלאַך... טס... טס... אַלע זיינען איינגעשלאָפען. אַלע שלאָפען. (פּויזע).

מ י י ד ע ל ע: (מאַכט אויף די אויגען) און וואָס פאַראַ בריוו איז עס וואָס ער טראָגט אויף זיין האַרצען?

פּ אָ ט ע ר: האָסט דאָך צוגעזאָגט, אַז דו וועסט נישט טראַכטען וועגען איהם.

מ י י ד ע ל ע: וואָס בין איך שולדיג, אַז ס'טראַכט זיך אַליין. ער איז אַ יונגער, און איז שוין גרוי. אַזוי דאַרף עס טאַקע זיין? דער־צייל מיר וועגען איהם, פּאַפּעלע.

פּ אָ ט ע ר: אָבער מיין מיידעלע וועט פאַרמאַכען די אויגעלאַך?

מ י י ד ע ל ע: יאָ.

פּ אָ ט ע ר: (מיט אַ טאָן פון אַ פּאָעט) ווען דו וועסט, מיין מיידעלע, אויסוואַקסען, וועסטו אַלץ וויסען. דער דאָזיגער יאשקע איז געוואָרען אַזוי דערפאַר, וואָס ער האָט אַ סך געליבט. ער איז געווען אָרים, און דערנאָך איז ער רייך געוואָרען, און איצט רייצען איהם אינגלאַך אויף דער גאַס און באַוואַרפען איהם מיט שטיינער. פון גרויס ליבע איז ער געוואָרען אַזוי.

מ י י ד ע ל ע: הייסט עס, אַז ליבען איז שלעכט?

פּ אָ ט ע ר: ווער האָט די אויגעלאַך געעפנט? ווער?

מ י י ד ע ל ע: (פאַרמאַכט מיטביידע הענטלאַך) דערצייל כאָטש נאָך אַביסל, כאָטש אויף אַ האַלבען פינגער... פאַרוואָס איז ער ניט פאַר־בליבען אַ גביר?

פּ אָ ט ע ר: ער איז געווען אַ מענטש, ביי וועמען דאָס האַרץ איז גע־ווען גרעסער ווי ביי אַנדערע מענשען. דאָס האַרץ האָט זיך נישט גע־קאָנט געפינען קיין אָרט אין זיין ברוסט, האָט ער עס אַרויסגעריסען... ער האָט געקאָנט שפּילען פידעל, לידער שרייבען און שעהן ריידען. ער איז געווען אַ וואַסערטרעגערס אַ זוהן און אַ פריילעכער בחור, ביז זיין האַרץ האָט זיך פון אַ גרויסער ליבע אָפּגעבריט. דעמאָלט איז ער טרויעריק געוואָרען ווי אַ נביא, און איז נאָך העכער געוואָרען, אָבער אין גאַנצען שטאָדט האָט עס קיינער ניט באַמערקט. די ליבע האָט איהם אַזוי הויך אויפגעהויבען, אַז ער איז געוואָרען העכער פאַר געלט און פאַר רייכקייט — דאָס אַלץ איז געווען פאַר איהם איבעריק... איצט איז ער ביי אַלעמען אַ משוגענער, אַ נעבעכל, בעט נדבות... אַ יונגער זקן... ס'איז פאַראַן אַ גרויס לאַנד פון איין ים צום אַנדע־רען, און אין דעם דאָזיגען לאַנד איז פאַראַן אַ סך שטעדט און שטעדט־לאַך, און אָפּט בלאָנדזשעט דאָרט אַרום איבער די גאַסען אַ האַלב

**משוגענער אַ יונגער מיט גרויע האָר, פון וועמעס האַרץ דאָס לעבען האָט אויסגעלאָכט... כמעט יעדע שטאָדט האָט אַזעלכען, און מענשען לאַכען פון איהם און רופען איהם: „שטאָדטישער משוגע'נער" . . . הערסט? דער זייגער שלאָגט שוין ווידער . . . ס'איז שוין שפעט . . . ס'האָט אַמאָל געלעבט אַ מענש מיט אַ גרויס האַרץ, און קיינער האָט עס נישט באַמערקט... ס'האָט געלעבט אַ דיכטער, וועלכער האָט מענשען ליב געהאַט מעהר ווי זיך. און דער המון האָט איהם צו־טראָטען . . .** (ס'ווערט פינסטער. דער פאָטער פאַרשווינדט. עס ערשיינט יאַשקע, באַלויכטען פון דער לבנה. ער שפּילט אויפ'ן פידעל).

**מ י י ד ע ל ע:** (קוקט אים אָן מיט פחד) **דאָס ביסטו יאשקע? גע־דונגענער חתן? וואָס ווילסטו פון מיר?** (יאשקע שאָקלט צו מיט'ן קאָפּ און זעצט פאָר זיין שפּילען). **וואָס ווילסטו פון מיר? איך האָב זיך מיט דיר קיינמאָל נישט גערייצט.** (יאשקע מאַכט אַ באַוועגונג מיט'ן קאָפּ) **דו רופסט מיך? וואוהין? אפשר ווילסטו מיר דערציילען אַלץ וואָס מיט דיר האָט זיך געטראָפען, געדונגענער חתן?** (יאשקע שאָקלט צו מיט'ן קאָפּ) **און וועסט וועגען בריוו דערציילען... און וועסט דער־ציילען ווי דו האָסט פון ברוסט דיין האַרץ אַרויסגענומען?**

**י אָ ש ק ע:** (טרויעריג) **. . . ווי איך האָב פון ברוסט מיין האַרץ אַרויסגענומען.** (זעצט פאָר דאָס שפּילען און דערווייטערט זיך. דאָס מיידעלע גייט איהם נאָך).

פ אָ ר ה אַ נ ג

---

## ערשטער אַקט

(די בינע שטעלט מיט זיך פאָר אַ באַלעבאַטישע קיך. **שיינע,** אַ מיידעל פון אַ יאָהר צוויי און צוואַנציג, מיט ענערגישע באַוועגונ־גען, מיט אַ פּאָר שיינע שוואַרצע אויגען, עסק'ט זיך ביי דער פּליטע און ביים טיש. אַלץ טהוט זי רוישיג, פעסט, עפּעס מיט אַ מין כעס).

(גאָדינסקי קומט אַריין).

גאדינסקי: ס׳איז קאַלט, ס׳ווערט אַלץ קעלטער, אַן אמת׳ער ווינטער. זי איז אינדערהיים?

שיינע: אינדערהיים.

גאדינסקי: פאַרשטעהט זיך, אַז אינדערהיים. וואוהין קאָן זי דען איצט געהן, טאַנצען? (פויזע) און ער איז נאָך אַלץ ניט געקומען?

שיינע: ווער?

גאָדינסקי: דער... איהר סעמיאָנטשיק...

שיינע: ניין

גאָדינסקי: צו וואָס דאַרף ער קומען? וואָס האָט ער צו טאָן אינדערהיים? טאַנצען? דו זאָגסט, אַז דו ביסט זייערע אַ קרובה?

שיינע: איהר זעהט דאָך ווער איך בין דאָ, אַזוי ווי אַ דינסט. הלואי וואָלט איך בעסער קיינמאָל נישט אַריבערגעטראָטען די שוועל פון דער שטוב.

גאָדינסקי: צו וואָס טויג דיר זאָגען, אַז דו ביסט זייערע אַ קרובה, ווען דאָס איז זיי ניט אָנגענעהם? פאַרשטייט זיך, ווער האָט עס ליב אָרעמע קרובים?

שיינע: איך רייד שוין ניט.

גאָדינסקי: נו, יאָ, אַ דינסט איז אַ דינסט. ווילסט, וועל איך דיר געפינען אַ גוט אָרט אין אַ רייכער שטוב?

שיינע: איך וויל נישט.

גאדינסקי: פאַרוואָס? ס׳איז ניט מיין זאַך, נאָר ס׳הערט זיך עפּעס, אַז סעמיאָנטשיק וויל חתונה האָבען, און...

שיינע: ס׳איז טאַקע אמת, אַז ער וויל חתונה האָבען?

גאדינסקי: מען זאָגט... די מאַמע זיינע האָט עס געזאָגט.

שיינע: ער וועט נישט חתונה האָבען, ניין, ער וועט נישט חתונה האָבען.

גאדינסקי: ניין איז ניין. ווען ס׳וואָלט געלעבט זיין פאָטער עליו השלום, דער אַלטער לוריע, וואָלסטו נאָך געקאָנט האָבען אַ האָפענונג, איצט אָבער, וואָס קאָנסטו טאָן?

(אויפטריט אַליעטשקע)

אליעטשקע: גוט מאָרגען, גאַדינסקי.

גאַדינסקי: די מאַמע איז אינדערהיים?

שיינע: (קלאַפּט מיט כעס ס׳געפּעס) כ׳האָב דאָך איך געזאָגט, אַז זי איז אינדערהיים.

גאַדינסקי: מ׳דאַרף דאָך עפּעס פּרעגען. (אָפּ. פּויזע).

אליעטשקע: (באַטראַכטענדיג שיינע׳ן) פאַרוואָס קלאַפּסטו אַזוי, שיינע? דאָ איז אַזוי וואַרים און אַ סך פריילעכער ווי ביי אונז אין די צימערען. אַהער קומען אַזוי פיל אינטערעסאַנטע מענשען פון גאַנצער שטאָדט: דער וואַסערטרעגער, די הינערפרוי, דער קוימענקערער . . . אוי, האָב איך מורא פאַר׳ן קוימענקערער!... ווען איך וועל אויס־וואקסען און ענדיגען די גימנאַזיע, וועל איך אומבאַדינגט זיין אַ דינסט, דו האָסט אַ סקאָרינקע ברויט? נאָר פאַרדאַרטע.

שיינע: ס׳איז ניטאָ. (זוכט) אָט איז אַ שטיקעל, אַ הונט וועט אַזאַ ברויט ניט עסען. (דערלאַנגט איהר).

אליעטשקע. יאָ, מ׳קאָן פון דעם שטאַרבען. (עסט) מ׳קען באַקו־מען די כאָלעריע, (עסט).

שיינע: זאָלן באַקומען די כאָלעריע די, וואָס מאַטערען אונזערע מענשען.

אליעטשקע: (פאַרוואונדערט) יאָ. ווער?

שיינע: איך וועל אייך, אליעטשקע, עפּעס בעטען. די מאַמע און אַנדערע מענשען ריידען וועגען דעם, אַז סעמיאָנטשיק וועט קומען . . . טאָ הערט זיך אונטער, איך בעט אייך, נאָר זעהט, אַז מ׳זאָל זיך ניט דערוויסען, אַז פאַר מיר איז עס.

אליעטשקע: המ... סעמיאָנטשיק איז אַוועקגעפאָהרען צוליב זעהר גרויסע געשעפטען: שפּילט אין קאַרטען און געהט אַרום מיט מיידלאַך, אַזוי זאָגט די מאַמע.

שיינע: זאָל די כאָלעריע נעהמען דעם, וועמען איך ווייס שוין.

אליעטשקע: יאָ... (טראַכט) דו, שיינע, קאָנסט זיך גוט שיל־טען, בעסער ווי אונזערע זשוליקעס אויפ׳ן בולוואַר. שייקע דער קוימענקערער שילט זיך אויך גוט, אָבער דו אַ סך בעסער. און איך קאָן ניט. אפשר, אַז איך וועל אויסוואַקסען, וועל איך קאָנען. וואָס איז דאָס: „אַ רוח אין דיין טאַטען״?

ש י י נ ע : געהט איך בעסער צו זיך אין צימער. וואָס שטעהט איהר דאָ אין קיך ?
א ל י ע ט ש ק ע : וואָס ביסטו געוואָרען אין כעס ? איך לויב דיך, און דו בייזערסט זיך. אַלע האָבען דיך ליב, נאָר די מאַמע האָט דיך פיינט. אפשר ביסטו אַ ממזר ?
ש י י נ ע : פאַרוואָס בין איך עפּעס אַ ממזר ?
א ל י ע ט ש ק ע : דערפאַר וואָס דו קאָנסט אַזוי גוט זיך זידלען. זאָג ווי אַזוי האָסטו איבערגעפיהרט אונזער סעמיאָנטשיקען ? די מאַמע זאָגט, אַז דו האָסט איהם איבערגעפיהרט.

(אויפטריט האדעס — אַ האַלב בלינדע אַלטיטשקע, תמיד מיט צוויי שווערע קערב, אין וועלכען זי טראָגט אַרום צו פאַרקויפען הינער און אייער).

ה א ד ע ס : אוי, רבונו של עולם, ס'אַראַ קעלט, אַז אמת'ער ווינטער. גוט מאָרגען.
ש י י נ ע : (קעהרט זיך ניט אָפּ). גוט מאָרגען. (פויזע).
ה א ד ע ס : נו, וואָס ?
ש יי נ ע : גאָרנישט.
ה א ד ע ס : אוי, רבונו של עולם ! (פויזע).
ש י י נ ע : איהר ווילט אַ גלאָז טיי, האדעס ?
ה א ד ע ס : כ'וועל אויסטרינקען אַ גלאָז וואַרימס. (שיינע מאַכט טיי) נו, וואָס ?
ש י י נ ע : (נאָך אַ קליינער פויזע). גאַנצענע טעג שפּילט ער אין קאָרטען, לויפט אַרום מיט פריילליינס און וויל חתונה האָבען.
א ל י ע ט ש ק ע : דאָס רעדסטו דאָך וועגען אונזער סעמיאָנטשיק.
ה א ד ע ס : (מאַכט אַ צייכען שיינע'ן).
ש י י נ ע : צו וואָס האָט ער מיר באַדאַרפט דעם קאָפּ פאַרדרייען און צוזאָגען דאָס און אַנדערש ? אָוועקגעפאָהרען אויף צוויי וואָכען... ס'איז שוין אַריבער דריי.
ה א ד ע ס : אַזוי גיך האָט מען ניט חתונה.
ש י י נ ע : אַ טאָג פאַר'ן אָפּפאָהרען האָט ער מיר געזאָגט : האָב נאָר נישט מורא, ווי איך האָב גערעדט, אַזוי וועט זיין, ווייל איך בין

אַן ערלעכער מאַן, סעמיאָן לוריע, מיר איז אַלץ איינס וואָס דו ביסט אַ פּראָסט מיידל, און איך בין אַ געבילדעטער, געענדיגט דריי קלאַסען קאמערטשעסקע אוטשילישטשע.

הֹ א ד ע ס: אוי, רבונו של עולם.

ש י י נ ע: ווייל איך ליב דיך, האָט ער געזאָגט. נויטיק דאַרף איך זיין ליבע! ווען איך וואָלט נאָר וועלען, וואָלט איך געהאַט אַזעלכע ווי ער פופצעהן אויפ׳ן טוץ. וואָכען זיינען אַריבער און ער שרייבט אַפילו ניט. וואָס־זשע זאָל איך טאָן?

א ל י ע ט ש ק ע: אין אַ טוץ איז דאָך מעהר ווי צוועלף ניטאָ.

ה א ד ע ס: איך ווייס איינס, מ׳דאַרף אָנשרייבן אַ בריוו.

ש י י נ ע: מיט בלוט זאָל ער שרייבן.

א ל י ע ט ש ק ע: (לאַכט, שלאָגט איבער) אויב דו מיינסט מיין ברודער, וועל איך נישט לאַכען.

ה א ד ע ס: איך האָב געזאָגט יאשקע דעם קלעזמער, אַז ער זאָל קומען.

ש י י נ ע: איך וויל נישט יאשקען דעם קלעזמער.

ה א ד ע ס: פאַרוואָס ווילסטו איהם ניט?

ש י י נ ע: ער רעדט נאַרישקייטען.

ה א ד ע ס: וואָס האָט עס צו דיר? ער וועט אָנשרייבען אַזאַ בריוו, אַז סעמיאָנטשיק וועט קומען צו לויפען פון קיעוו צופוס.

ש י י נ ע: עפּעס א יאשקע גאָר דאַרף דעם בריוו שרייבן. אָט ווען ס׳קומט אויס צו באַדויערען, וואָס דו קאָנסט נישט שרייבען.

ה א ד ע ס: יאָשקע רעדט נאַרישקייטען. אַ יונגער מענש — וואָס איז ביי איהם אויפ׳ן שכל? נאַרישקייטען.

ש י י נ ע: זאָל יאָשקע שרייבען, ער האָט מיר דערעסען צוזאַמען מיט זיין טאַטען, דעם וואַסערטרעגער.

א ל י ע ט ש קע: אונזער וואַסערטרעגער, וואָס שפּילט אויפ׳ן קאָנטראַבאַס?

ה א ד ע ס: דו ביסט אַ יונג מיידעל, דערפאַר יאָגען זיך נאָך דיר די מאַנסבילען, נאָר איינס געדיינק: פאַרנאַר זיך ניט. איך האָב זיך

פאַרנאַרט. וואָס פאַר אַ לעבען האָב איך? שוין צוואַנציג יאָהר ווי איך שלעפּ זיך אַרום מיט הינער און אייער. איך האָב אָבער געקאָנט זיין אַ קצב׳ס אַ ווייב.

(אויפטריט שייקע קוימענקערער, אַן אויסגעשמירטער אין סאַזשע. דערזעט אליעטשקען און וויל איהר איבערשרעקען).

שייקע: אוי, אוי, אוי...

אליעטשקע: (דערשראָקן און אין דער זעלבער צייט פריילעך) אי...

שייקע: אָט וועל איך שוין קומען ביינאַכט און דיך אויפעסן, האַם, האַם!

אליעטשקע: (באַהאַלט זיך) אַי, אַי...

שייקע: וואָס עפּעס אין קיך זיצסטו? לערנסט זיך ניט, טאַטע־מאַמע פאָלגסט ניט, האַם, האַם, האַם.

אליעטשקע: איך וועל שוין מעהר ניט, גוטינקער קוימענ־קערער!

שייקע: איך בין ניט קיין גוטער, איך עס קליינע מיידלאַך.

אליעטשקע: ווי קאָן איך מיין טאַטן פאָלגען, אַז מיין טאַטע איז געשטאָרבען?

שייקע: מיך זאָלסטו פאָלגען, איך וועל דיך אויסלערנען טאַנצן און זינגען און שפּילן אויף דער פּויק. (קנייפּט שיינען) אוי, סאַראַ גע־זונטע מויד.

שיינע: איך וועל דיר ווייזען אַ געזונטע מויד.

שייקע: דו ווייסט ווער איך בין? אַ סטודענט האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין ניט קיין קוימענקערער, איך בין אַ פלאָ... אפרא... אַ פּראָ־לעטאַראַט... אַ שיין וואָרט? (קנייפּט איהר).

שיינע: (דערלאַנגט אַ שטויס) אָן הענט!

שייקע: אָ, דאָס איז אַ קלאַפּ! אונזערע היגע מוידען קאָנען דען געבען אַזאַ קלאַפּ? אויב דו האָסט אַ חבר׳טע פון דיין שטעדטעל און זי שלאָגט זיך אַזוי ווי דו — טאָ שיק זי אַהער, איך וועל מיט איהר חתונה האָבען.

האדעס: אוי, רבונו של עולם.

שיינע: אָט האָסטו דעם שליסעל פון בוידעם און טראָג זיך אָפּ.

אליעטשקע: גוטער קוימערקערער, האָב חתונה מיט שיינע׳ן. זי וויל חתונה האָבען!

שייקע: (לאַכט ציניש) טע־טע־טע, זאָל שוין מיט איהר חתונה האָבען אַן אַנדערער, ניט איך.

שיינע: (שטרענג) וואָס מישטו זיך! ביסט געקומען רייניגען די קוימענס, טאָ גיי זיך, אין פרעמדע זאַכן האָסטו נישט וואָס צו רוקן די נאָז...

שייקע: (ביי דער טיר) צו וואָס זאָל איך מיין נאָז רוקען אין פרעמדע זאַכען, אַז ער איז שוין אַזוי אויך שוואַרץ? (אָפּ).

האדעס: אוי, דער שייקע איז אַ פאַרפאַלענער!

שיינע. אין שטאָדט באַרעדט מען מיך. ער וועט דאָך מיך אומגליקליך מאַכען.

האָדעס: מ׳דאַרף וואָס גיכער שרייבן אַ בריוו.

שיינע: אויב ער וועט ניט קומען דאַרף איך שטאַרבן.

האדעס: אוי, גאָט האָט ניט ליב אַזעלכע רייד, גלויב מיר, איך וויים.

שיינע: און אַז אָרימע מיידלאַך, יתומות, זאָלען זיין אומגליקליך, דאָס האָט גאָט יאָ ליב? נאָך דער שרפה, ווען ביי אונז האָט אַלצדינג אָפּגעברענט, און די מאַמע איז געשטאָרבן, האָב איך געזאָגט דער באָבע׳ן: איך וויל ניט זיצען ביי דיר אויפ׳ן קאַרק, באַבעשי, — זאָגט זי מיר: דו האָסט דאָרט אייגענע, זיי וועלען דיר באַהילפיג זיין, — בין איך געקומען. איך בין קיינמאָל קיין דינסט ניט געוועזן, נאָר זי זאָגט מיר, אַז איך זאָל צוהעלפען אין שטוב, איז שוין 5 חדשים ווי איך אַרבעט און טו אַלצדינג, און איך זשאַלעווע ניט קיין כוחות, איך בין געזונט, כ׳האָב פאַר אַרבייט נישט קיין מורא. אויב איך דערשלאָף ניט און לויף אין פראָסט ניט אָנגעטאָן, איז מיר ניט וויכטיג, נאָר איך וויל זיין אַן אָרענטליכע, מ׳זאָל אויף מיר מיט די פינגער ניט טייטלען, און איך זאָל מיין מאַמען אין קבר ניט פאַרשעמען. (ווישט אָפּ אַ טרעהר) וואָס האָט ער פון מיר געמאַכט?

האדעס: דו קענסט נאָך נישט די מענער, מיין טייערינקע... פאַר דעם זיינען זיי טאַ־טאַ־טאַ און טאַ־טאַ־טאַ, און נאָכדעם זיינען זיי שוין טו־טו־טו. איך האָב געקאָנט לעבען ווי אַ גרעפין, אַ קצב׳ס אַ

ווייב האָב איך געקאָנט זיין. אוי, רבונו של עולם! ס'איז נישט גרינג זיך צו באַגעהן מיט רייכע מענשען. דו ביסט נאָך אַ קינד, און איך האָב זיך שוין אויסגעלערענט. מיט רייכע דאַרף מען נאָר ריידען וועגען אַ קרענק און פון מעהר גאָרנישט.

(עס קומט אַריין בערל וואַסערטרעגער, אַ שטאַרקער, געזונטער איד, אַלט אַ יאָהר פופציג.... אויף די פּלייצעס אַ קאַראמיסל מיט ליי־דיגע עמער. שרייבט עפּעס אויף דער ראָם פון קיך־טיהר מיט קרייד און רעכענט צונויף. ווי נאָר ער קומט אַריין, כאַפּט אַליעטשקע גע־שווינד אַ קריגעל און לויפט אין פאָדערהויז און קעהרט זיך אום מיט וואַסער, טרינקט, ניט אָפּרייסענדיג זיך, און קוקט אויף דעם וואָס דער וואַסערטרעגער האָט פאַרשריבען).

וואַסערטרעגער: גוט מאָרגען!

האדעס: גוט מאָרגען!

וואַסערטרעגער: היינט איז קאַלט, אַן אמת'ער ווינטער.

שיינע: ניט מיין שולד, וואָס עס איז קאַלט.

וואַסערטרעגער: איך האָב געבראַכט דריי פּאָר — וואַסער.

האדעס: איהר זייט גערעכט, בערל, איך זאָג שוין אויך, אַז ס'איז אַן אמת'ער ווינטער.

וואַסערטרעגער: (צו שיינען) דו האָסט געבעטען, אַז מיין יאשקע זאָל קומען?

שיינע: זי האָט געבעטען, ניט איך.

האדעס: איך, איך האָב געבעטען.

וואַסערטרעגער: יאשקע איז געקומען, ער וואַרט אין פאָדערהויז.

שיינע: דער פּאַסיגסטער אָרט פאַר איהם.

וואַסערטרעגער: ער זאָגט, אַז דו באַגייסט זיך מיט אים אַזוי, אַז ער האָט מורא.

שיינע: מ'שטיינס געזאָגט וואָס פאַר אַ כוואַט!

וואַסערטרעגער: אויב דו ווילסט, וועל איך איהם אַריינרופען.

האדעס: אודאי, מ'דאַרף שרייבען אַ בריוו. (וואַסערטרעגער אָפּ).

א ל י ע ט ש ק ע : וואָס האָט ער דאָ אָנגעשריבען? ס'ווייזט אויס, אַז די וואַסערטרעגער האָבען אַ באַזונדערע שפּראַך.
ה א ד ע ס : ער וועט דיר אָנשרייבען אַ בריוו און מעהר קענסט איהם ניט. וואַזשנע לייט: יאָשקע קלעזמער און שייקע קוימענקערער.
(אויפטריט וואַסערטרעגער און יאָשקע).
ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר : אָט איז ער געקומען. (שיינע ענטפערט ניט) ער איז געקומען... אָט...
י א ש ק ע : (הוסט).
ש י י נ ע : איך זע.
ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר : ער וועט דיר שוין אָנשרייבען... איך וויים ניט וואָס דו דאַרפסט, אָבער אַזוי ווי ער, וועט קיינער ניט אָנשרייבען.
ש י י נ ע : זאָל ער נאָר נישט ריידען קיין נאַרישקייטען.
י א ש ק ע : נאַרישקייטען? וואָס פאַר אַ נאַרישקייטען רייד איך עס?
ה א ד ע ס : אַ יונגערמאַן, וואָס זאָל ער ריידען?
י א ש ק ע : ס'איז קאַלט, ס'ווערט אַלץ קעלטער... אַ אמת'ער ווינטער...
ש י י נ ע : שוין דאָס צעהנטע מאָל הער איך דאָס היינט. איך וויים אָהן דיר, אַז ס'איז ווינטער.
י א ש ק ע : (באַקלאָגט זיך פאַר'ן פאָטער) זעסט...
ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר : וואָס ביסטו אויף איהם אַרויפגעפאַלען?
ה א ד ע ס : שאַ, שאַ, קריגט זיך נישט!
י א ש ק ע : (זאָגט עפּעס דעם פאָטער אויפ'ן אויער).
ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר : וואָס האָב איך צו ריידען? רייד אַליין, איך האָב קיין צייט ניט. איך האָב דאָ פאַרשריבען דריי פאָר. (גייט און קעהרט זיך אום צו שיינע'ן) ער בעט דיר צו זאָגען, אַז ער וועט דיך נעהמען אָהן געלט, אָהן אַלעמען, אָט אַזוי ווי דו שטעהסט און געהסט.
ש י י נ ע : ווער וועט נעהמען?
ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר : ער... ער בעט דיך צו זאָגען, אַז אויב דו וועסט מיט איהם חתונה האָבען, וועט ער דיך ניט לאָזען אַרבעטען ווי דו אַרבעטעסט דאָ... דו וועסט זיין אַ פּריצטע אין שטוב, און אַרבעטען וועט ער... ער וועט אַרבעטען ווי... ווי...

י א ש ק ע: ווי אַ פערד

וואַסערטרעגער: ווי אַ פערד וועט ער אַרבעטען .. ווייל ער ווייס ווער דו ביסט, און זאָלסט זיך ניט באַאומרואיגען.

שיינע: איך באַאומרואיג זיך ניט.

יאשקע: זי באַאומרואיגט זיך ניט.

האדעס: וואָס האָט זי זיך צו באַאומרואיגען?

אליעטשקע: איך באַאומרואיג זיך... דו באַאומרואיגסט זיך... ער באַאומרואיגט זיך...

וואַסערטרעגער: דו באַאומרואיגסט זיך ניט, דעריבער בעט ער צו זאָגען, אַז אויב דו ווילסט קען מען די חתונה אָפּשפּילען אין צוויי וואָכען אַרום.

יאשקע: אין אַ וואָך אַרום.

שיינע: אי דו, אי דיין טאַטע, — לאָזט מיך ביידע צו רו. שוין דאָס זעקסטע מאָל זאָג איך אייך.

וואַסערטרעגער: וואָסער פּאַר אַ זעקס? פיר . . .

יאשקע: (מאַכט זיך, ווי ניט איהם מיינט מען עס. ווייזט אלי־עטשקע׳ן אַ קונץ מיט אַ מטבעה).

אליעטשקע: איך האָב נאָר וואָס אויסגעטרונקען אַ גאַנצען קריגעל וואַסער.

יאשקע: אהא!...

אליעטשקע: איך טרינק שטענדיג די ערשטע. איהר זייט דאָס יאָשקע, דער קלעזמער?

יאשקע: מ׳זאָגט, אַז דאָס בין איך.

אליעטשקע: איהר שפּילט אויפ׳ן פידל, און דער קוימענקערער אויפ׳ן פּויק?

יאָשקע: איך שפּיל, איך שרייב, איך באַווייז קונצען, איך קאָן אַלץ. (צום פאָטער, שטיל) זאָג וועגען קאָכען.

אליעטשקע: פאַרוואָס־זשע וויל זי ניט חתונה האָבען מיט אייך?

יאָשקע: ווייל זי האָט מיך ניט ליב.

וואַסערטרעגער: נו, איך געה אַוועק... מיר איז אַלץ איינס, אָבער אויפ׳ן בחור איז אַ רחמנות... איז ע... ווי־זשע וועט

זיין? (פויזע) ער בעט צו זאָגען, אַז דו וועסט נישט דאַרפען שטעהן אין קיך און קאָכען, ווי דאָ, ביי די קרובים, ער זאָגט, אַז ער קען דאָס ניט צוזעהן.

יאָשקע: איך קאָן דאָס ניט צוזעהן.

וואָסערטרעגער: און אַז זיין מאַמע, מיין ווייב הייסט עס, גאָט זאָל איהר שענקען געזונט, — אַז זי וועט קאָכען . . . איז ע. . . ווי־זשע וועט זיין?

שיינע: אַזוי וועט עס זיין.

וואָסערטרעגער: ס׳קאָן זיין, אַז דו קלייבסט זיך גאָרנישט חתונה האָבען. דיר געפעהלט אפשר צו פאַרבלייבען אַן אַלטע מויד?

שיינע: ס׳איז נישט אייער באַבעס דאגה צו איך קלייב זיך, צו איך קלייב זיך ניט.

יאָשקע: ס׳איז נישט דיין באַבעס דאגה.

וואָסערטרעגער: שוטה, איך נעהם זיך דאָך אָן פאַר דיר!

יאָשקע: אַזאַ מיידל וועט ניט פאַרזעסען ווערען, האָב נישט קיין מורא!

וואָסערטרעגער: איך האָב איהם געזאָגט: אויב דו וועסט חתונה האָבען, וועל איך דיר געבען 160 רובל... דו ביסט מיר זעהר געפעהלען געוואָרען... 170 וועל איך געבען.

יאָשקע: דאָס איז אמת... דו ביסט איהם זעהר געפעהלען געוואָרען.

וואָסערטרעגער: אויף וואָס דאַרף איך געלט? און איהר וועט זיך האָבען אויף דער ערשטער צייט... איהר וועט קענען עפענען אַ קרעמל...

האדעס: מיט אַזוי פיל געלט קען מען קרעמלאַך עפענען.

וואָסערטרעגער: איך האָב אָנגעקליבען געלט. געמיינט דער טאָכטער אויף נדן. נאָר קיין טאָכטער האָב איך ניט, וועט עס זיין פאַר דיר.

שיינע: איך בין ניט אייער טאָכטער.

וואָסערטרעגער: זאָל זיין פאַר די אייניקלאַך, אויב זיי וועלען זיין.

יאָשקע: פאַרוואָס זאָלען זיי ניט זיין?

ש י י נ ע: איך דאַרף ניט אייער געלט.
י אָ ש ק ע: ער מיינט טאַקע, אַז דאָס גאַנצע גליק איז געלט! דער־צעהל וועגען דעם לאָטעריי־צעטעל.
ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר: וואָס איז דאָ אַ סך צו דערצעהלען? . . . מיט איין וואָרט, ער האָט אַ לאָטעריי־צעטל. איך האָב עס איהם מיט אַ וואָך צוריק אָוועקגעשיינקט. אויף דעם צעטל קען מען געווינען 25 טויזנט, אפילו 40 טויזנט.
י אָ ש ק ע: אַ מיליאָנער קען מען ווערען.
ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר: איך זאָג דאָך, 25 טויזנט קען מען געווינען.
ה א ד ע ס: מיין מאַן, עליו השלום, האָט דערצעהלט, איהם האָט זיך 'גע'חלומ'ט, אַז ער האָט געוואונען 100 מיליאָן, גאָט זאָל איהם מוחל זיין.
ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר: מיר איז אַלץ איינס, נאָר אַזאַ בחור ווי יאָשקע וועסטו נישט געפינען. קענסט מיר גלויבען.
י אָ ש ק ע: קאָנסט איהם גלויבען.
מ אַ ד אַ ם ל ו ר י ע: (הינטער די קוליסען) אליע, אליעטשקע! (אליעטשקע באַהאַלט זיך).

אויפטריט מאַדאַם לוריע און גאָדינסקי.

ל ו ר י ע: אליעטשקע איז דאָ ניטאָ? וואָס איז דאָ פאַר אַ פאַר־זאַמלונג?
ה א ד ע ס: גוט מאָרגען, מאַדאַם, אָט האָט ער געבראַכט וואַסער.
ל ו ר י ע: איצט איז ניט די צייט פאַר געסט. אַרבעטן דאַרף מען.
ג א ד י נ ס ק י: אין דערפריה און שוין געסט! אַרבעטן דאַרף מען, ווי דען!
ש י י נ ע: דאָס זיינען ניט קיין געסט.
ל ו ר י ע: זאָלן זיי זיך געהן.
ג א ד י נ ס ק י: דאָס זיינען טאַקע ניט קיין געסט, מאַדאַם.
ה א ד ע ס: היינט איז קאַלט, אַן אמת'ער ווינטער, און ווי נאָר ס'ווערט קאַלט, אַזוי הויבט מיר אָן צו שיסען אין פלייצע אַזוי ווי מיט אַ פיסטאָלעט.

ל ו ר י ע: (דערזעהט אליעטשקען און שלעפּט איהר אַרויס) וויפיל מאָל האָב איך דיר געזאָגט דו זאָלסט ניט געהן אין קיך.

א ל י ע ט ש ק ע: דאָ איז פרעהליכער ווי ביי אונז.

ל ו ר י ע: געה, געה, באַהאַלט זיך אין שאַפע!

א ל י ע ט ש ק ע: איך באַהאַלט זיך ניט, איך בין צופעליג אַריינ־געקראָכען.

ג א ד י נ ס ק י: זי איז צופעליג אַריינגעקראָכען (לוריע פאַרליררט די נאָזטיכעל, גאַדינסקי הויבט אויף).

ל ו ר י ע: אַ דאַנק. ניט אַריבערצוטראָגען פון אָט דער מיידעל! (לוריע, גאַדינסקי, אליעטשקע אָפּ).

ה א ד ע ס: אוי, רבונו של עולם!

ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר: אַז איהר וועט עפענען אַ קרעמעל, וועט ער איינפיהרען ביכער און וועט פיהרען די חשבונות אַזוי, אַז קיין איין פּרוטה וועט נישט פאַרלאָרען געהן. ער קאָן, ער וועט אַלצדינג פאַרשרייבען.

ה אָ ד ע ס: אין שרייבען איז ער אַ קינסטלער.

ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר: אַ קינסטלער. ווען אַזאַ מענטש ווי יאָשקע וואָלט אַוועקגעגאַנגען אין אוניווערזיטעט, וואָלט ער געווען דער ערשטער קאָפּ, אַן אַדוואָקאַט וואָלט ער געווען: ער שרייבט פּראָ־שעניעס און אין אַקציז. אַ בריוו וועט קיינער בעסער פון איהם ניט אָנ־שרייבען... איז... ווי־זשע וועט זיין?

י אָ ש ק ע: וואָס שטייסטו צו? דאָ דאַרף מען זיך באַקלעהרען און ער שטעהט צו.

ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר: טאָ זאָל זי זיך טאַקע באַקלעהרען. מיט אַזאַ מענטשן וועסטו לעבען ווי מיט אַ מלכה.

י אָ ש ק ע: מ׳קאָן זאָגען אַפּילו ווי מיט דעם פּריסטאַוו׳ס אַ ווייב.

ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר: האָסט געדאַרפט הערען ווי ער שפּילט פידל! דאָס האָט ער בירושה פון מיר. איך, הייסט עס, שפּיל אויף אַ באַס, אָבער ער שפּילט פידל, ווייל זיין האַרץ פיהלט, ער האָט אַ ווייכע נשמה, האָט ער. איז ע... ווי־זשע וועט זיין?

ש י י נ ע: צו וואָס איז די גאַנצע פּלוידעריי? קלאַפּט מיטן צונג און איך וויל אַפּילו נישט הערן. ווייל יאָשקע אָנשרייבען אַ בריוו —

זאָל ער שרייבען, איך וועל באַצאָהלען, וויל ער נישט — זאָל ער זיך געהן.

יאָשקע: צוליב דעם בין איך דאָך געקומען, כדי שרייבען אַ בריוו און ניט צוליב נאַרישקייטען. (צום פאָטער) וואָס האָסטו זיך אַוועקגעשטעלט?

וואָסערטערגער: וועסט אַמאָל נאָך חרטה האָבען. (געהט אָפּ און טרעפט זיך מיט אליעטשקען, וועלכע גנב'עט זיך פון דער מוטער אין קיך אַריין).

אליעטשקע: (באַקומט אַ קלאַפּ) אוי, ס'מאַכט ניט אויס, ביז דער חתונה וועט פאַרגעהן.

יאָשקע: פּאַפּיר איז דאָ?

האדעס: (צו שיינע'ן) דו האָסט געקויפט פּאַפּיר?

שיינע: ס'איז דאָ פּאַפּיר און אַ קאָנווערט.

האדעס: ס'איז דאָ, אַלצדינג איז דאָ.

יאָשקע: אַ פעדער האָב איך מיט זיך.

שיינע: אָט איז טינט.

יאָשקע: (פּרוּווט שרייבען אויפ'ן קאָנווערט) „יעוואָ וויסאָקאָבלאַגאָראָדיו”... אַ גוטער פעדער.

האדעס: צו וואָס שרייבסטו יעוואָ וויסאָקאָבלאַגאָראָדיו, דאָס איז דאָך ניט קיין פּראָשעניע.

יאָשקע: אַזוי שרייבט מען שטענדיג, כדי דער בריוו זאָל גיכער אָנקומען. (פויזע) וואָס פאַר אַ בריוו זאָל איך שרייבען?

שיינע: וואָס פאַר אַ בריוו? ס'פאַרשטעהט זיך..

האדעס: אַז ער זאָל גיכער קומען, אַז זי וואַרט אויף אים.

יאָשקע: ווער וואַרט?

האדעס: ווער? זי וואַרט.

שיינע: אָט איז פּאַפּיר.

יאָשקע: איך דאַרף אָנשרייבען אַ ליבע־בריוו פון איהר צו אַן אַנדערען?

האדעס: וואָס־זשע שרעקסטו זיך?

(אויפטריט שייקע קוימענקערער).

שייקע: אָט האָסטו דיר, — יאָשקע איז דאָ! ווילסט אַ פּאַ־

פּיראָס? מאָרגען שפּילען מיר אויף אַ חתונה.

י אָ ש ק ע: מאָרגען?

ש י י ק ע: נעהם, יאָשקע, אַ פּאַפּיראָס, ערשטע סאָרט! 20 שטיק — 3 קאָפּיקעס. ווי געפעלט דיר אָט די מויד? אַז איך רויכער אָט די פּאַפּיראָסען, איז פּונקט ווי איך זאָל אַ קוימען רייניגען — אַזוי פיל סאַזשע אין מויל. ווי מיינסטו, ווער בין איך? אַ פּראָ־פּראָלעט־ראַט, ביי מיין עהרען־וואָרט, און אויב איך וועל באַצייטנס ניט שטאַרבען, זאָגט דער סטודענט, וועט פון מיר אַרויסקומען אַ צוקונפטיגער געוועזענער מענש. אַ שעהנער נאָמען, ניט אמת? (צו אליעטשקע׳ן) או... (רייניגט אין פּליטע די סאַזשע) האדעס, איך האָב אייך נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אָהן היגער. מ׳וועט אייך שוין באַגראָבען צוזאַמען מיט די היגער. (מאַכט נאָך די הינער) אָ־קאָ־קאָ־קאָ־קאָ־קאָ!

ה א ד ע ס: טפו, ניט געדאַכט זאָלסטו ווערען! פאַרפאַלענער מענטש וואָס דו ביסט!

ש י י ק ע: אמת! נאָר אַ מאָדנע זאַך, וואָס נידעריקער איך פאַל, אַלץ העכער הויב איך זיך אויף. פריער בין איך געווען אַ גלעזער, דערנאָך אַ שינדלער, און איצט בין איך אַ קוימענקערער. אָרעוואָאַר מאַדאַם פּאַסאַל־לאַ־פּאַראַסאַל... אוי, מיידל, איך וואָלט דיר אַ קוש געטאָן, אָבער איך האָב מורא זאָלסט מיך ניט אויסשמירען. (אָפּ).

ה א ד ע ס: ניט געדאַכט זאָל ער! ס׳איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען פון זיין פּלוידערייִ.

י אָ ש ק ע: וואָס פאַר אַ בריוו ווילסטו שרייבען? פאַר 10 קאָפּי־קעס, פאַר פופצעהן, אָדער גאָר פאַר פינף און צוואַנציג? ביי מיר זיינען דאָ דריי סאָרטען.

ש י י נ ע: וואָס איז דער אונטערשייד?

י אָ ש ק ע: דער אונטערשייד איז אַזעלכער: פאַר 10 קאָפּיקעס קאָן איך אָנשרייבען נאָר דאָס, וואָס מ׳דאַרף, און אַ גרוס, מעהר ווי איין זייטל פאַר 10 קאָפּיקעס שרייב איך ניט. און אויב פאַר 15 — דאָס הייסט דער צווייטער סאָרט, גיב איך צו אַביסעל פּאָעזיע.

ש י י נ ע: וואָס גיסטו צו?

י אָ ש ק ע: פּאָעזיע, דאָס וואָס איז אויפ׳ן האַרצען, אינעווייניג...

ש י י נ ע: מע דאַרף ניט.

י אָ ש ק ע: ווי דו ווילסט, מיר איז אַלץ איינס, מיט פּאָעזיע איז אָבער בעסער, די נשמה פיהלט, ווי אַ פויגעלע...

ה אָ ד ע ס: נעהם מיט פויגעלאַך.

ש י י נ ע: איך זשאַלעווע ניט קיין געלט, נאָר ס'איז צופיל כבוד, ס'וועט איהם קלעקען פאַר 10 קאָפּיקעס.

י אָ ש ק ע: גוט, זאָל זיין פאַר 10 קאָפּיקעס, וואָס שרייבען?

ש י י נ ע: (זעצט זיך, ווישט אָפּ די הענט, פּוצט זיך צו פונקט ווי דער אַדרעסאַט וואָלט זי געזעהן) שרייב...

ה א ד ע ס: שרייב.

י אָ ש ק ע: איך שרייב.

ש י י נ ע: שרייב, מיין טייערער סעמ...

י אָ ש ק ע: ווער?

ש י י נ ע: ניט דיין זאַך.

י אָ ש ק ע: טאָ ווי זאָל איך שרייבען?

ש י י נ ע: מיין טייערער סעמאנטשיק...

א ל י ע ט ש ק ע: ווי מאָדנע דאָס איז.

י אָ ש ק ע: „מיין טייערער סעמיאָנטשיק" ... סעמיאָנטשיק לוריע?

ש י י נ ע: ניט דיין זאַך.

א ל י ע ט ש ק ע: דאָס איז דאָך מיין ברודער.

ה א ד ע ס: אוי, יונגוואַרג, יונגוואַרג...

י אָ ש ק ע: אָנגעשריבען, ווייטער...

ש י י נ ע: ווייטער? בעט איך, אַז ער זאָל ענטפערען אויף דעם, וואָס איך האָב איהם אין פאָריגען בריוו געשריבען און וואָס ער האָט צוגע־זאָגט זאָל ער געדיינקען, וואָרום איך בין אַ יתומה, איך האָב ניט קיין טאַטע־מאַמע.

י אָ ש ק ע: (שרייבט) איך האָב ניט קיין פאָטער און מוטער...

ש י י נ ע: אַ גרויסע עבירה וועט ער האָבען... איך בין ניט אַ וואָסערע ס'איז, איך בין אפילו אַן אָרימע און מיר זיינען אפילו קרובים, און אויב מ'דאַרף וועל איך אַלצדינג טאָן, איך וועל וועש וואַשען, נאָר זאָל ער ניט פאַרגעסען וואָס ער האָט צוגעזאָגט.

י אָ ש ק ע: (שרייבט) „וואָס ער האָט צוגעזאָגט"... (צו שיינען) אָבער אויב דו וועסט זיין מיט מיר, וועל איך דיך נישט לאָזען צו

גאַרנישט צוריהרען זיך. אויב איך וועל געווינען אויפ׳ן לאָטעריי־צעטל וועל איך דיר אַלץ אַוועקגעבען, זי איז אַן עדות, אינגאַנצען וועל איך דיר אָפּגעבען ביז אַ קאָפּיקע . . .

ש י י נ ע: און נאָך האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דו געהסט אַרום מיט פריילענס און דו ווילסט חתונה האָבען מיט אַן אַנדערע...

י אָ ש ק ע: ווילסט חתונה האָבען מיט אַן אַנדערע, שאַרלאַטאַן וואָס דו ביסט! . . .

ש י י נ ע: צו וואָס שרייבסטו שאַרלאַטאַן? איך האָב דיר ניט געהייסען איהם צו זידלען.

י אָ ש ק ע: וואָס דען, אַזוי באַגעהט מען זיך?

ה א ד ע ס: גאָט באַהיט! צו וואָס איהם זידלען? שרייב איהם נאָר, אַז ער איז אַ גזלן, אַ גאַרנישט, אַ גראָבער מענש, נאָר זידלען דאַרף מען ניט.

י אָ ש ק ע: באַקלעהר נאָר, צו וואָס דאַרפסטו זיך פאַרבינדען מיט אַ מענשען, וואָס שלעפּט זיך אַרום מיט אַנדערע מיידלאַך און ליבט דיך ניט?

ש י י נ ע: ניט דיין זאַך! ווען איך וואָלט פריהער געוואוסט, אַז דו וועסט וועגען דעם ריידען, וואָלט איך מיט דיר ניט אָנגעהויבען.

י אָ ש ק ע: (ס׳הערט זיך קלינגען) ווידער?

ש י י נ ע: יעדען אָוונט טראַכט איך פון דיר.

י אָ ש ק ע: וועגען איהם, הייסט דאָס... (חזר׳ט איבער מיט אַ באַזונדערען געפיהל) יעדען אָוונט טראַכט איך פון דיר.

ש י י נ ע: און הגם דו מאַטערסט מיך, פונדעסטוועגען וואַרט איך אויף דיר און בייַנק נאָך דיר.

י אָ ש ק ע: און הגם דו מאַטערסט מיך, דאָך ערוואַרט איך דיך און בייַנק נאָך דיר... איך וויים שוין... (רעדט און שרייבט) „מייַן בייַנקעניש איז זיס, ווייל איך האָב אַ האָפענונג, אָהן דיר איז די גאַנצע וועלט פינסטער, דו ביסט ווי אַ שטערענדעל אין הימעל, ווי אַ בלימעלע אויפ׳ן פרילינגס פעלד. וואָס דו זאָלסט מיט מיר ניט טאָן, וועל איך אַלץ קלעהרען וועגען דיר... מיינע הענט ציען זיך... ציען זיך צו דיר... מייַן האַרץ איז אַ פייגעלע און וויינט ווען עס טראַכט וועגען דיר, און וועט שטאַרבען, ווען דו וועסט זיך אָפּקעהרען.

**האדעס:** (גערירט, וויינט) ווי אַ פייגעלע...

**שיינע:** (איהרע אויגען זיינען פול מיט טרעהרען. קוקט, ניט אָפרייסענדיג זיך, אויפ׳ן פּאַפּיר).

**יאַשקע:** (זיין שטימע ציטערט) מיין נשמה איז פאַר׳יתומ׳ט, און איך אַליין בין אַ יתומה, מיינע טרעהרען זיינען ביי גאָט פאַרשריבען, נאָר מיינע טרעהרען זיינען ניט געצעהלט, און זיי גיסען זיך צוליב דיר, שטערענדעל מיינס, לידעלע מיינס...

**אליעטשקע:** דיינער אַ טרעהר איז געפאַלען אויפ׳ן פּאַפּיר. דו האָסט געמאַכט אַ תל פון גאַנצען בריוו.

**יאַשקע:** ס׳איז בעסער. ער וועט מיינען, אַז דאָס האָט שיינע גע־וויינט, אַז דו האָסט געוויינט. מיין ברוסט ברענט ווי פייער. דאָס האַרץ איז געוואָרען גרויס ווי די זון. אַלץ וועט אַוועק, ס׳וועט גאָרנישט פאַרבלייבען, נאָר מיין ליבע וועט פאַרבלייבען אויף אייביג. (ס׳קלינגט).

**שיינע:** וואָס־זשע שרייבסטו ניט? נאָר דו רעדסט!

**יאַשקע:** (שרייבט) אויף אייביג. דאָס שרייב איך שוין פאַר 25 קאָפּיקעס, נאָר דיר וועל איך רעכענען 10.

(ס׳עפענט זיך די טיר, ס׳גייט אַריין סעמיאַנטשיק. אין די הענט האַלט ער אַ טשעמאָדאַן).

**שיינע:** (מיט אַ געשריי) סעמיאַנטשיק... סעמיאַן...

**סעמיאַנטשיק:** איך קלינג און קלינג און קיינער עפענט ניט.

**שיינע:** איהר זייט געקומען צופאָהרען, הער לוריע...

**סעמיאַנטשיק:** שוין 15 מינוט ווי איך קלינג אַ גאַנצע האַלבע שעה... און... א, אליעטשקע, גוט מאָרגען.

**אליעטשקע:** (קעהרט זיך אָפּ) ניין.

**סעמיאַנטשיק:** נעהמט צו מיין טשעמאָדאַן. (אָפּ).

**האדעס:** נעהם, יאַשקע, דעם טשעמאָדאַן, העלף צו דעם הערר׳ען. (גייען אַלע אָפּ נאָך סעמיאַנטשיקען, יאַשקע בלייבט אַליין מיט׳ן טשעמאָדאַן אין האַנט).

**יאַשקע:** מיין ברוסט ברענט ווי אַ פייער, ס׳וועט גאָרנישט אי־בערבלייבען, נאָר מיין ליבע וועט פאַרבלייבען אויף אייביג. (לאָזט זיך אַראָפּ אויפ׳ן טשעמאָדאַן).

פאָרהאַנג

## צווייטער אַקט

מאַדאַם לוריע, סעמיאַנטשיק און גאַדינסקי.

סעמיאַנטשיק: מאַמע!

לוריע: לאָז מיך צורוה, דער קאָפּ טהוט מיר וויי.

גאַדינסקי: סעמיאַנטשיק, דער קאָפּ טהוט זיי וויי.

סעמיאַנטשיק: אָבער איצט טראָגט מען ניט אַזעלכע הויזען, קיינער טראָגט ניט. דאָס איז נישט מאָדיש.

גאַדינסקי: מ'טראָגט טאַקע נישט.

לוריע: מיט צוויי חדשים צוריק האָב איך איהם אויפגענייט אַן אַנצוג.

גאַדינסקי: מיט 2 חדשים צוריק האָט מען אייך אויפגענייט דעם אַנצוג. צוויי פערציק? צו צוויי אַכציק? (טאַפּט די סחורה).

סעמיאַנטשיק: אַז עס איז אָבער ניט מאָדיש, מען טראָגט ניט, אין קיעוו טראָגט קיינער ניט.

גאַדינסקי: ס'איז טאַקע ניט מאָדיש, ער איז גערעכט.

לוריע: לאָז מיך צורוה. איך וויל עס ניט הערען.

גאַדינסקי: זיי ווילען אַפילו ניט הערען. ווען אַ מענשען טהוט וויי דער קאָפּ, קאָן ער ניט ריידען וועגען געשעפטען. איך זאָג אַנט־קעגען אונזער געשעפט, ער איז גרייט אָפּטרעטען פאַר 150 רובל, אַ גוטער, אַ טרוקענער אָרט.

סעמיאַנטשיק: זשאַלעוועט דעם זון 30 רובל! וואו איז דאָס געהערט געוואָרען?

לוריע: מיר האָבען נישט קיין איבעריקע געלט.

סעמיאַנטשיק: וואָס הייסט מיר האָבען נישט, ווען דו זאָגסט אַליין, אַז דער זיידע האָט אָנגעזעצט.

לוריע: ער וויל ערשט אָנזעצען, אָבער ער האָט נאָך ניט אָנ־געזעצט.

גאַדינסקי: (צו סעמיאַנטשיקען) אַז גאָט וועט געבען און ער וועט אָנזעצען, וועט זיין געלט . . . אַן אַנדער געלעגענהייט וועט איהר אַזוי גיך ניט געפינען, מאַדאַם לוריע. יענע וואָך האָט יאַנקעל רו־

בינשטיין, ניט יענער ביי וועמען ס׳וועט איבער צוויי וואָכען ברענען די פאַבריק, נאָר דער געלער רובינשטיין, — האָט ער באַצאָהלט פאַר אַ שלעכט שטיקעל ערד, ביים סאַמע פאַרקאַן פון בית־עולם — 200 רובל, און דאָ באַקומט איהר אַ גוטען, טרוקענעם אָרט צוזאַמען מיט ד״ר טרילינג.

ל ו ר י ע: דער פאַרשטאָרבענער דאָקטאָר טרילינג? לעבען איהם?

ג א ד י נ ס ק י: ניט לעבען, נאָר דאָ גלייך, 2 טריט אינגאַנצען, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

ס ע מ י א נ ט ש י ק: אויף נאַרישקייטען איז דאָ געלט, און דער איינציקער זון דאַרף געהן ווי אַ שלעפער.

ל ו ר י ע: מאַטער מיך נישט.

ג א ד י נ ס ק י: די זאַך אייגענטליך איז אַזוי. דער אַלטער הורע־וויטש האָט מיט אַ יאָהר 20 צוריק געקויפט צוויי ערטער — פאַר זיך און פאַר דער ווייב, דעמאָלט איז דער בית־עלמין געווען נאָך אַ נייער, און דאָס האָט געקאָסט ניט טייער. האָט זיך אָבער געדאַרפט אַזוי טרעפען, אַז די ווייב איז אַוועקגעפאָהרען קיין אויסלאַנד זיך קו־רירען און אין אויסלאַנד זיינען דאָך, פאַרשטעהט זיך פאַראַן גוטע פּראָפעסאָרען, דאָקטוירים, האָט מען איהר געהיילט, געהיילט און... זי איז געשטאָרבען, — איז עס טאַקע איהר אָרט געבליבען אַ ליידיגער. און ווידער, אַז צוזאַמען מיט׳ן אַלטען הורעוויטש זאָל ליגען אַבי ווער פּאַסט איהם ניט, האָב איך זיך דערמאָנט אָן אייך.

ל ו ר י ע: אַ דאַנק אייך פאַר׳ן כבוד.

ג א ד י נ ס ק י: זייער אַ רואיגער, אַ באַלעבאַטישער איד. האָט אַ זוהן אין אוניווערזיטעט. איהר קענט דאָך דעם אַלטען הורעוויטש.

ס ע מ י א נ ט ש י ק: אַלע זיינען געגען מיר! אָבער פאַר דיר איז דאָס ערגער, מאַמע, זאָל דיין איינציגער זוהן געהן אָהן הויזען? (אָפּ).

ל ו ר י ע: איך האָב תמיד זיך געאַמפּערט מיט מיין מאַן... איך וויל נישט קיין אינגעל, האָב איך גע׳טענה׳עט, און ער האָט זיך איינגע־שפּאַרט ווי אַן אָקס: ניט אַנדערש ווי נאָר אַן אינגעל. אָט האָסטו דיר אַ זוהן.

ג א ד י נ ס ק י: האָסטו דיר אַ זוהן.

ל ו ר י ע: קיין נעכט שלאָף איך ניט און רעד: דיר איז גוט, דו

ליגסט רוהיג אין דר׳ערד, און איך דאַרף מיר ברעכען דעם קאָפּ.

ג א ד י נ ס ק י: אודאי, ער ליגט און איהר... אַנטשולדיגט מיר... ווּעמען זאָגט איהר עס?

ל ו ר י ע: ווּעמען, אויב נישט מיין מאַן עליו השלום.

ג א ד י נ ס ק י: איהר ווייסט, דאָס איז ניט ווייט פון אייער מאַן, און זעהר אַ טרוקענער אָרט.

ל ו ר י ע: לאָזט שוין צורוה מיט אייער טרוקענעם אָרט. איהר קאָנט יאָשקע דעם קלעזמער?

ג א ד י נ ס ק י: יאָשקע? דער שרייבער, וואָס שפּילט אויף די חתונות?

ל ו ר י ע: ער וויל חתונה האָבען מיט אונזער שיינען.

ג א ד י נ ס ק י: ער וויל חתונה האָבען מיט אָט דער מיידעל?

ל ו ר י ע: וואָס־זשע האָט איהר זיך אַזוי דערשראָקען, ווי פאַר אַ טעלעגראַמע? שיינע איז אַ וואוילע מיידעל, זי איז ביי מיר אין שטוב, און דאַכט זיך, אַז זי איז מיר עפּעס אַ ווייטע קרובה, איך בין מחויב צו זאָרגען פאַר איהר. איך בין גרייט אפילו צו געבען אַביסעל געלט... וואָס וועט איהר זאָגען?

ג א ד י נ ס ק י: וואָס וועל איך זאָגען? אין שטאָדט פּלוידערט מען, אַז...

ל ו ר י ע: דאָס איז אַלץ רכילות. וואָס פּלוידערט מען?

ג א ד י נ ס ק י: כ׳ווייס זעהר, וואָס מען פּלוידערט. ס׳איז ניט מיין עסק...

ל ו ר י ע: אָבי צו באַריידען מיין סעמיאָנטשיקען. איך האָב גאָר־ניט געהערט, וואָס פּלוידערט מען?

ג א ד י נ ס ק י: אָט דאָס אייגענע טאַקע, אַז כלומרשט אייער סע־מיאָנטשיק און שיינע, אַז כלומרשט זיי...

ל ו ר י ע: וואָס האָבען זיי אַזוינס געטאָן?

ג א ד י נ ס ק י: וואָס! פאַרשטעהט זיך, אַז נישט געדאַוועט.

ל ו ר י ע: זעהט איהר שוין, וואָס פאַר אַ פאַסקודנע שטאָדט דאָס איז. איהר פאַרשטעהט? סעמיאָנטשיק האָט זיך אין קיעוו באַקאַנט מיט אַ פריילין קאַץ. סעמיאָנטשיק איז איהר, פאַרשטעהט זיך, שטאַרק

געפּעהלען געוואָרען.. אויסער דעם גיט דער אַלטער קאַץ 12 טויזענט רובל נדן.

ג א ד י נ ס ק י: 12 טויזענט רובל!?

ל ו ר י ע: דער כלה׳ס פאָטער וויל קומען אַהער. זאָל גאָט אָפּהיטען, די אַלע רכילות קאָנען דעם שדוך צושטערען.

ג א ד י נ ס ק י: אונזערע אידעלאַך, ס׳פאַרשטעהט זיך...

ל ו ר י ע: איך בין אַ הילפלאָזע איינזאַמע אַלמנה. אויב איהר וועט מיר צוהעלפען איינאָרדענען די זאַך מיט יאָשקען, וועל איך אייך אויסהעלפען מיט אייער אָרט אויפ׳ן בית־עולם.

ג א ד י נ ס ק י: איהר ווילט דעם אָרט, מסתמא, פאַר דעם הערען קאַץ?

ל ו ר י ע: אודאי, דאָס איז זעהר אַ פּאַסיגער אָרט פאַר מיין צו־קונפטיגען קרוב.

ג א ד י נ ס ק י: אַ טרוקען אָרט, אַ שעהן אויסזעהן, דאָ ליגט דר. טרילינג, — דאָרט דר. שאַפּיראָ און אַנטקעגען — אייער מאַן. איך לויף שוין צו יאָשקען. (אָפּ).

(אויפטריט האדעס).

ה א ד ע ס: גוט מאָרגען, מאַדאַם, איך האָב אייך געבראַכט פרישע אייער.

ל ו ר י ע: וואָס הערט זיך, האדעס?

ה א ד ע ס: וואָס הערט זיך? די פּלייצע ברעכט, עס שיסט ווי פון אַ פּיסטאָלעט, דאָס איז נאָך פון פאַראַיאָהרען פּסח.

ל ו ר י ע: און מיר דרייט זיך דער קאָפּ... עפּעס אַזוי ווי אַ רעדעלע...

ה א ד ע ס: ווי נאָר אַ רעגען, אָדער אַ פראָסט, איז באַלד...

ל ו ר י ע: ווי נאָר נאָך אָווענט, הויבט באַלד אָן צו דרייען דאָס רעדעלע.

ה א ד ע ס: און ביי מיר, ווי נאָר — ווי נאָר אַ פראָסט...

ל ו ר י ע: און איך שלאָף שוין ניט.

ה א ד ע ס: אָדער אַ רעגען, אָדער אַ ווינט...

ל ו ר י ע: אָט דאָס רעדעלע הויבט אָן דרייען.

ה א ד ע ס: שיסען פון אַ פּיסטאָלעט...

ל ו ר י ע: זאָל גאָט אויסהיטען.

ה א ד ע ס: כ׳האָב געוואָלט מיט אייך אַ שמועס טאָן, מאַדאַם לוריע... ס׳איז אַ רחמנות אויף דער מיידעל.

ל ו ר י ע: ווידער דאָס מיידעל.

ה א ד ע ס: זי איז מיר אַ פרעמדע, ניט קיין טאָכטער, ניט קיין פלימעניצע, ס׳איז פשוט אַ רחמנות.

ל ו ר י ע: טו איך דען ניט אַלץ וואָס איך קאָן? וואו־זשע איז יאָשקע? פאַרוואָס איז ער נעכטען ניט געקומען?

ה א ד ע ס: זי האָט געזאָגט, אַז ס׳וועט דערפון אַלץ איינס גאָרנישט אַרויסקומען. זי ליבט איהם ניט.

ל ו ר י ע: וואָס הייסט, זי ליבט איהם ניט?

ה א ד ע ס: יונגוואַרג — האָבען אַלערליי נאַרישקייטען אין קאָפּ.

ל ו ר י ע: ווען איהר האָט חתונה געהאַט, האָט איהר געליבט?

ה א ד ע ס: זאָל גאָט אָפּהיטען, איהר באַליידיגט מיך...

ל ו ר י ע: איך קאָן אייך זאָגען אויף מיין נאמנות, אַז איך אויך ניט.

ה א ד ע ס: יאָ, יאָ, אָבער ס׳איז אַ רחמנות אויף דער מיידעל.

ל ו ר י ע: איך שלאָף ניט גאַנצע נעכט, איך טענה מיט איהם, אָט האָסטו דיר אַ זוהן, אַ זוהן האָסטו געוואָלט האָבען. איך בין אַ הילפ־לאָזע אַלמנה... (אויפטריט שיינע פון זאַל, לוריע בייט גיך דעם גע־שפּרעך) און ער זאָגט מיר, וואָס מאַכט איהר, מאַדאַם לוריע, שוין לאַנג אייך ניט געזעהן. וואָס דאַרפסטו, שיינע?

ש י י נ ע: (אָנגעבלאָזען) די שליסלען פון בופעט.

ל ו ר י ע: וואו זיינען די שליסלען? קיינמאָל ווייס זי ניט, וואו די שליסלען זיינען.

ה א ד ע ס: די שליסלען, דאַכט זיך, הענגען ביי אייך, מאַדאַמעלע...

ל ו ר י ע: אוי, טאַקע, אַבי איך זוך. נאַ!... (גיט איהר, שיינע גייט אָפּ) אַריינגעקומען כדי זיך אונטערצוהערען.

ה א ד ע ס: אַזאַ מיידעל!... איך בין דאָך איהר ניט קיין מאַמע, ניט קיין מומע... זי זאָגט, אַז זי וועט זיך אַ מעשה אָנטאָן.

ל ו ר י ע: ע, נאַרישקייטען... זי וועט עס ניט טאָן.

ה א ד ע ס: זי זאָגט, אַז זי וועט איהם דער׳הרג׳ענען.

**ל ו ר י ע: מיין סעמיאַנטשיק?! ווי איז מיר, מ׳דאַרף וואָס גיכער מאַכען די חתונה.**

**ה א ד ע ס: יאָ, יאָ זאָגט איהם, איהר זייט דאָך אַ מאַמע.**

**ל ו ר י ע: נאַרישע אידענע! יאָשקע׳ן דאַרף מען וואָס גיכער חתונה מאַכען, ניט סעמיאַנטשיקען.** (אויפטריט סעמיאַנטשיק).

**ס ע מ י א נ ט ש ק ע: מאַמע, וואָס־זשע וועט זיין? איך קען דאָך אַזאַ אנצוג ניט טראָגען.**

**ל ו ר י ע: שיינע זאַכען האָסטו אָנגעמאַכט.** (אָפּ).

**ה א ד ע ס:** (מיט אַ מאַך פון אַ פאַרוואורף) **אוי, רבונו של עולם!** (געהט אָפּ נאָך לוריע).

(אויפטריט שיינע, מיט שליסלאַך אין האַנט. זי הויבט אָן פּוצען אַ שטוהל. ס׳איז קענטיג, אַז זי האָט נישט וואָס צו טאָן און מאַכט זיך, ווי זי וואָלט נישט באַמערקט סעמיאַנטשיקען, וועלכער קוקט אַ קורצע צייט אין פענסטער).

**ס ע מ י א נ ט ש י ק: אַן אמת׳ער ווינטער...**

**ש י י נ ע:** (ענטפערט נישט).

**ס ע מ י א נ ט ש י ק:** (הויבט אָן פייפען, רייסט איבער. דערנענטערט זיך כלומרשט אומגערען צו דער טיר, באַטראַכטענדיג אויפ׳ן וועג די סטעליע, די טאַפּעטען, ווען ער איז שוין נאָענט ביי דער טיר, גרייט פאַרשוואונדען צו ווערען, לויפט שיינע צו דער טיר און פאַרמאַכט זי האַסטיג). **איך האָב געוואָלט אַ קוק טאָן...**

**ש י י נ ע:** (שטיל, דראָהענד) געדיינק, סעמיאַנטשיק, **וואָס איך האָב געזאָגט! געדיינק!**

**ס ע מ י א נ ט ש י ק:** (דערשלאָגען) **איך געדיינק...**

**ש י י נ ע: איך וועל זיך און דיך דער׳הרג׳ענען, געדיינק!**

**ס ע מ י א נ ט ש י ק: הער אויף, שיינע, איך פאַרטראָג נישט ווען דו רעדסט אַזוי.**

**ש י י נ ע: דיין מאַמע וויל מיך חתונה מאַכען מיט יאָשקען, אָבער ווי קענסטו דאָס דערלאָזען?**

**ס ע מ י א נ ט ש י ק: אודאי טאָר מען דאָס ניט דערלאָזען...**

**ש י י נ ע: אפשר ליבסטו מיך ניט?**

**ס ע מ י א נ ט ש יק: ווער, איך? וואָס הייסט?**

ש י י נ ע: דו זאָג אַליין, האָב נישט קיין מורא, בעסער זאָגען דעם אמת גלייך.

ס ע מ י אָ נ ט ש י ק: איך האָב ניט קיין מורא.

ש י י נ ע: איך דאַרף נישט פון דיר קיין שום טובות. אויב דו ווילסט ניט — געה זיך געזונטערהייט. איך וויים שוין, וואָס איך וועל טאָן.

ס ע מ י אָ נ ט ש י ק: וואָס וועסטו טאָן?

ש י י נ ע: אויב אפילו חתונה האָבען נאָר אָהן ליבע, וואָס־זשע פאַר אַ גליק איז דאָס?

ס ע מ י א נ ט ש י ק: אודאי, חתונה האָבען אָהן ליבע איז קיין שום גליק ניט.

ש י י נ ע: דו ביסט אַ געבילדעטער מענש, געענדיגט דריי קלאַסען קאָמערטשעסקע אוטשילישטשע, און איך קאָן אַפילו ניט שרייבען... נאָר ווער עס ליבט, דער קוקט נישט אויף דעם.

ס ע מ י א נ ט ש י ק: ווער וועט געהן קוקען, אויב מען ליבט?

ש י י נ ע: איך וועל זיך אויסלערנען שרייבען, איך בין ניט קיין בהמה. איך האָב, גאָט צו דאַנקען, אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס.

ס ע מ י א נ ט ש י ק: דו וועסט זיך אויסלערנען אין דריי חדשים.

ש י י נ ע: הייסט עס, אַז דו ליבסט מיך? זאָג?

ס ע מ י א נ ט ש י ק: וואָס איז עס פאַר אַ שאלה, מ'דאַרף נאָר אָפּוואַרטען.

ש י י נ ע: וואַרטען?

ס ע מ י א נ ט ש י ק: מ'דאַרף, אַז די מאַמע זאָל מסכים זיין, פאַר־שטעהסט?

ש י י נ ע: צו וואָס וואַרטען? דו ביסט דאָך אַ דערוואַקסענער מענש.

ס ע מ י א נ ט ש י ק: אודאי בין איך אַ דערוואקסענער.

ש י י נ ע: פאַרוואָס־זשע דערלאָזסטו מ'זאָל איבער דיר קאָמאַנ־דעווען?

ס ע מ י א נ ט ש י ק: איבער מיר קאָמאַנדעווען? ס'איז נאָך נישט געבוירען געוואָרען דער מענש, וואָס זאָל איבער מיר קאָמאַנדעווען, אָבער זי וועט ניט געבען קיין געלט, דו קענסט זי דאָך, זי גיט אפילו מיר ניט... דיר געפעלט דער אנצוג?

ש י י נ ע: אויב דו וועסט זיך אַזוי קלייבן, וועסטו מיך פֿאַרלירען.
ס ע מ י א נ ט ש י ק: טאַקע? וואָס רעדסטו?
ש י י נ ע: איך וועל חתונה האָבען מיט יאַשקען, ער איז מיר נמאס, אָנקוקען קען איך איהם ניט, נאָר איך וועל חתונה האָבען מיט איהם.
ס ע מ י א נ ט ש י ק: פאַרוואָס איז ער דיר אַזוי נמאס?
ש י י נ ע: אפשר ווילסטו דאָס?
ס ע מ י א נ ט ש י ק: איך וויל? איך זאָג נאָר, אַז ער איז ניט אַזוי נמאס . . . אדרבה, ער איז אַ גוטער בחור און דערצו האָט ער דיך נאָך ליב, איך האָב אַפילו געהערט, אַז די מאַמע וויל איהם געבען געלט.
ש י י נ ע: (ביי איהר בליצען די אויגען) איך פאַרשטעה...
ס ע מ י א נ ט ש י ק: איך זאָג נאָר, אַז אויב ער ליבט דיך, און...
ש י י נ ע: שוויינ! דו ביסט אַ שמאַטע! ווי אַ הינטל מיט'ן עק אַזוי דרעהסטו מיט'ן צונג אַהין און אַהער. איך האָב דיך ליב באַקומען, און איך האָב אויף קיין זאַך ניט געקוקט, נאָר דו באַהאַלטסט זיך, און שטילערהייט זוכסטו זיך אַ כלה. דו האָסט אַ האַרץ פון אַ פויגל. איך דאַרף ניט קיין נדבות פון קיינעם, זאָל פאַרפאַלען געהן מיין לעבען... אָבער בעטען זיך וועל איך קיינמאָל ניט. (אָפּ).
ס ע מ י א נ ט ש י ק: אַלע זיינען היינט קעגען מיר! די גאַנצע וועלט איז קעגען מיר... (אויפטריט לוריע און האדעס) איך דאַרף ניט קיין נדבות פון אייך, איך דאַרף ניט קיין אנצוג! אָבער בעטען זיך וועל איך קיינמאָל ניט . . . (אָפּ).
ל ו ר י ע: געה שוין, געה... (צו האדעסען) און נאָך דער חתונה, אויב דער זיידע וועט אָנזעצען, דאָס איבעריקע.
ה א ד ע ס: הלואי, רבונו של עולם.
ל ו ר י ע: ביז דער חתונה אָנדערהאַלבען, און אויב ער וועט אָנזעצען, איז. (אָפּ).
(אויפטריט גאַדינסקי און יאַשקע).
ג א ד י נ ס ק י: געה אַריין, מ'וועט דיר ניט אויפעסען.
י אָ ש ק ע: כ'וייס, אַז מ'וועט מיך ניט אויפעסען.
ה א ד ע ס: יאַשקע, לאָז ניט אַרויס דיין גליק, נאַרעלע. (אָפּ).
ג א ד י נ ס ק י: איך בין שוין דאָ. וואַרט־צו. (אָפּ, יאַשקע קוקט זיך אַרום).

(אויפטריט אליעטשקע, עסענדיג אַן עפּעל).

אליעטשקע: (מיט פרייד, שטיל) יאָשקע!

יאָשקע: שטילער!

אליעטשקע: וואָס האָט איהר מורא? שיינע איז ניטאָ.

יאָשקע: איך האָב מורא, אליעטשקע, איך האָב מורא...

אליעטשקע: איהר זייט געקומען חתונה האָבען?

יאָשקע: איך בין געקומען חתונה האָבען...

אליעטשקע: איז עס דען אַזוי שרעקליך? איהר ווילט אַן עפּעל? איהר קענט אָפּבייסען אַ שטיקעל פון דאַנעט.

יאָשקע: איך בין געקומען דערנידעריגען זיך. איך מוז נידעריג איינבויגען זיך צו דער ערד, און דורך נידעריגע טויערען דורכגעהן...

אליעטשקע: צו וואָס זאָלט איהר עס טאָן?

יאָשקע: צוליב דעם, וואָס מיין נאַריש האַרץ הייסט מיר אַזוי, איך וועל דורכקריכען אַזוי נידעריג ווי אַ הינטעל פון אונטער דעם טויער.

אליעטשקע: פע, דאָס איז מיאוס...

יאָשקע: איך דאַרף דאָס טאָן ניט צוליב זיך, נאָר צוליב איהר.

אליעטשקע: צוליב שיינען?

יאָשקע: שטילער, זאָל זי מיינען, אַז איך טו דאָס נאָר פאַר זיך, אַנדערש וועט זי ניט געהן, זי וועט זיך אָפּקעהרען.

אליעטשקע: וואָס פאַר אַ מאָדנער מענש איהר זייט.

יאָשקע: איך דאַרף נעהמען מיין האַרץ מיט ביידע הענט, אליעטשקע, און צודריקען עס און שטאַרק האַלטען, אַז ס'זאָל ניט שרייען, ווייל אויב עס וועט אָנהויבען צו שרייען, וועט זי זיך דערשרעקען און וועט אַנטלויפען, ווי עס אַנטלויפט אַ פייגעלע ווען מען דערשרעקט עס... איך דאַרף זיך איינהאַלטען... דו געה ניט אַוועק פון מיר... דו זיי דאָ. ווען דו וועסט דערזעהן, אַז איך בין ניט בכח מעהר זיך איינצוהאַלטען, און דאָס האַרץ הויבט אָן צו שרייען — גיב מיר אַ צייכען, אַז איך זאָל זיך דערמאָנען, פאַרשטעהסט? גיב מיר אַ צייכען... אָט אַזוי... און זאָג שטיל: דער בריוו...

אליעטשקע: וואָסער בריוו?

יאָשקע: זאָג שטיל: „יאָשקע, געדיינק דעם בריוו"... דאָס איז דער בריוו, וואָס איך האָב אין יענעם דאָנערשטאָג געשריבען צו דיין

ברודער... אַליעטשקע, איך וועל נאָר אַביסעל אַ קריך טאָן, דערפאַר אָבער וועט שפּעטער זיין גוט. זיי לעבען מיר, איך וועל דיר קויפען אַ מתנה רויטע קאַרעלן.

א ל י ע ט ש ק ע: רויטע ווי בלוט. איך וועל זיין דאָ... יאָשקע, געדיינק דעם בריוו.

י אָ ש ק ע: יאָ... יאָ...

(אויפּטריט לוריע און גאדינסקי)

ל ו ר י ע: גוט מאָרגען.

י אָ ש ק ע: גוט מאָרגען.

ל ו ר י ע: (זעצט זיך) זעץ זיך!

ג א ד י נ ס ק י: זעץ זיך.

י אָ ש ק ע: אַ דאַנק, איך קאָן שטעהן.

ג א ד י נ ס ק י: ער קאָן שטעהן.

ל ו ר י ע: איך האָב אויף אייך נעכטען געוואַרט, הער... הער... ווי איז, אייגענטליך, אייער נאָמען?

י אָ ש ק ע: מ'רופט מיך יאָשקע.

ג א ד י נ ס ק י: יאָשקע רופט מען איהם.

ל ו ר י ע: דאָס איז ניט באַקוועם, ווי איז אייער פאַמיליע־נאָמען?

י אָ ש ק ע: פערלזאָן.

ג א ד י נ ס ק י: פערלזאָן, יאָשקע פערלזאָן.

י אָ ש ק ע: נעכטען האָב איך ניט געקאָנט קומען, איך בין געוועזן פאַרנומען.

ל ו ר י ע: איהר ווילט אַ גלאָז טיי, אָדער וויין?

י אָ ש ק ע: איך טרינק ניט קיין וויין.

ג א ד י נ ס ק י: ער טרינקט ניט קיין טיי.

י אָ ש ק ע: איך בין ניט געוועזן פאַרנומען, נאָר זי זאָגט: „בעסער זיך וואַרפען אין וואַסער, איידער מיט איהם חתונה צו האָבען”. זי זאָגט עס אַזוי...

ג א ד י נ ס ק י: פאַרוואָס בעסער אין וואַסער? אין וואַסער איז אויך ניט פריילאַך. אַ גלעזעלע וויין וואָלט מען יאָ געקאָנט אויס־טרינקען.

ל ו ר י ע : וואָס פאַרשטעהסט אַ מיידעל? איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איך קאָן, ווייל זי איז ביי מיר אין שטוב. איך בין איהר אָנשטאָט אַ מוטער, און אַזוי ווי איך האָב געהערט, אַז זי געפעלט אייך, איהר פאַרשטעהט?

י אָ ש ק ע : איך פאַרשטעה.

ג א ד י נ ס ק י : ער פאַרשטעהט, וואָס איז דאָ ניט צו פאַרשטעהן?

י אָ ש ק ע : נאָר זאָל זי פריער זאָגען „יאָ"... אויב זי וועט ניט זאָגען „יאָ", קאָן איך ניט.

ג א ד י נ ס ק י : אין דעם איז ער אויך גערעכט. ער קאָן ניט...

ש י י נ ע : (אין דער טיר) איך זאָג „יאָ"... זאָל ער חתונה האָבען...

ל ו ר י ע : קום אַריין, וואָס באַהאַלסטו זיך?... האָסט געהערט, יאָשקע?

י אָ ש ק ע : זאָל זי נאָכאַמאָל זאָגען.

ש י י נ ע : „יאָ".

ג א ד י נ ס ק י : ס'געהערט?

י אָ ש ק ע : איך האָב געהערט.

ל ו ר י ע : איך בין אָן איינזאַמע, הילפלאָזע אַלמנה, עס פרעהט מיר פאַר אייך. איהר ווילט, אַז די חתונה זאָל זיין דאָ, אָדער ערגעץ ווייטער?

י אָ ש ק ע : וואו זי וויל.

ש י י נ ע : מיר איז אַלץ איינס.

ג א ד י נ ס ק י : און איך מיין, אַז בעסער ערגעץ ווייטער אַביסעל.

ל ו ר י ע : ביז דער חתונה וועט יאָשקע באַקומען טויזענט רובל, און...

ג א ד י נ ס ק י : אַנטשולדיגט, איהר האָט געזאָגט...

ל ו ר י ע : וואָס, איך האָב שטענדיג געזאָגט טויזענט...

א ל י ע ט ש ק ע : דו האָסט געזאָגט...

ל ו ר י ע : וואָס טהוסטו דאָ? אַרויס פון דאַנעט!

א ל י ע ט ש ק ע : איך געה. (ריהרט זיך ניט פון אָרט).

ג א ד י נ ס ק י : גאַנץ ריכטיג, ביז דער חתונה טויזענט.

ל ו ר י ע : און נאָך דער חתונה וועט גאָט ווייטער העלפען...

ג א ד י נ ס ק י : גאָט וועט געבען — אַלע וועלען פאַרדינען. קיינעם וועט מען ניט פאַרגעסען...

ל ו ר י ע: אויב איהר דאַרפט האָבען געלט, אויסקליידען זיך, אָדער וואָס... (זוכט אין בייטעלע).

י אָ ש ק ע: מ'דאַרף נישט ריידען פון געלט. מ'דאַרף ניט...

א ל י ע ט ש ק ע: (גיט איהם אַ צייכען אומבאַמערקט).

(אויפטריט סעמיאַנטשיק)

ל ו ר י ע: סעמיאַנטשיק, קאָנסט זיי גראַטולירען. יאָשקע האָט חתונה מיט שיינען, זיי זיינען חתן־כלה. זי איז געוועזן ביי מיר אין שטוב ווי אַ טאָכטער, ווי אַן אייגענע טאָכטער. איצט נעהמט איהר זי צו ביי מיר אינגאַנצען. יאָשקע, איהר באַקומט אַן אָרענטליך קינד, וועלכע... וועגען וועלכער... וועגען וועלכער (צעוויינט זיך).

א ל י ע ט ש ק ע: אָט איז די נאָזטיכעל. (דערלאַנגט).

ל ו ר י ע: דו ביסט נאָך ניט אַוועקגעגאַנגען?

א ל י ע ט ש ק ע: איך בין שוין לאַנג אַוועק (רירט זיך ניט)

ל ו ר י ע: גיב זיי אָפּ מזל טוב, סעמיאַנטשיק.

ס ע מ י א נ ט ש י ק: (גייט צו מיט אַן אויסגעשטרעקטע האַנט) מזל טוב אייך...

י אָ ש ק ע: (קוקט איהם גלייך אין פּנים. ס'כאַפּט אים אָן אַ כעס, האַלט זיך איין, זאָגט קאַלט) איך דאַנק.

ג א ד י נ ס ק י: מזל טוב, מזל טוב! דאָס איז אמת, שיינע איז אַ וואויל מיידעל, קיין עין הרע... איצט קען מען דאָך שוין טרינקען אַביסעל משקה!...

ס ע מ י א נ ט ש י ק: יאָ, שיינע איז זעהר אַ וואוילע מיידעל...

י אָ ש ק ע: (נערוועז) איהר... איהר... איהר בעסער רעדט נישט... (באַמערקט אַליעטשקען) רעדט גאָרנישט...

ס ע מ י א נ ט ש י ק: (דערשראָקען) וואָס האָב איך דען געזאָגט? איך האָב דאָך גאָרנישט געזאָגט...

ש י י נ ע: נייך, זאָל ער ריידען, ס'קען זיין, אַז פאַר מיין חתן וועט עס זיין אינטערעסאַנט...

י אָ ש ק ע: הער אויף, שיינע...

ש י י נ ע: פאַר ד'י צוויי טויזענט רובל וואָס ער גיט אים, האָט ער ר'עכט צו ריידען...

י אָ ש ק ע: (הויבט צום ערשטען מאָל אויף זיינע אויגען צו שיינען,

און רעדט שטיל, איבערצייגענד, ערנסט און אַזוי ווי זיי וואָלטען גע־רעדט אויג אויף אויג) איך ווייס, אַז דו האָסט מיך ניט ליב. אַז דו מאַכסט חוזק פון מיר... און זיי אויך... אָבער דאָס, וואָס זיי לאַכען פון מיר, דאָס איז מיר אַלץ איינס... נאָר דו דאַרפסט וויסען... ווען מ׳וואָלט נאָך טויזענט מאָל מעהר פון מיר חוזק געמאַכט, וואָלט איך סיי ווי געקומען צו דיר, ווען אַפילו מענשען וואָלטען געוואָרפען אויף מיר מיט שטיינער, אינגלאַך אויף דער גאַס וואָלטען געוויזען אויף מיר מיט די פינגער, וואָלט איך סיי ווי געקומען צו דיר . . . איך פרעה זיך ניט דערמיט, וואָס ס׳איז געקומען די שעה, ווען איך קאָן דיר נויטיג זיין . . . דו האָסט זיך געווענדעט צו מיר אין נויט, ווייל, שוין בעסער פאַר מיר, איידער אין וואַסער... איך וואָלט געוואָלט, אַז די צייט זאָל קיינמאָל ניט קומען, אַז דו זאָלסט מיך נישט קענען, אַז דו זאָלסט זיין גליקלאַך אָהן מיר, ווייל איך ליב דיך . . . זיי מיינען, אַז זיי קויפען מיך אָפּ, אָבער ליבע קאָן מען ניט קויפען, אָדער פאַרקויפען . . .

ס ע מ י אָ נ ט ש י ק: יאָ . . . אָבער דריי טויזענט רובעל איז געלט.

ל ו ר י ע: צוויי...

י אָ ש ק ע: רעדט נישט... (איינהאַלטנדיג זיך מיט׳ן גאַנצען כח) בעסער זאָגט מיר גאָרנישט . . . איך וויל ניט וויסען . . .

א ל י ע ט ש ק ע: יאָשקע געדיינק דעם בריוו...

י אָ ש ק ע: יאָ, יאָ, דער בריוו... (נעהמט אַרויס דעם בריוו) ווען מיך וואָלט אַ מיידעל געליבט אַזוי ווי זי ליבט אייך, וואָלט איך, איך... אוי, גאָט מיינער... איהר זייט אַ נאַרישער, אַ נאַרישער טעמפּער מענש, — קיינמאָל וועט איהר ניט איבערלייענען דעם דאָזיגען בריוו, און קיינמאָל וועט איהר זיך ניט דערוויסען ווי מען האָט אייך ליב . . .

ס ע מ י אָ נ ט ש י ק: וואָס פאַר אַ בריוו?

י אָ ש ק ע: צו אייך. (צו אליעטשקע) יאָ, יאָ, איך געדיינק, (צו סעמיאָניטשקען) איהר מיינט, אַז אויב איהר צאָהלט געלט, זייט איהר שוין אויבען, און איך בין אונטען... אַ, טעמפּער, נאַרישער מענש וואָס איהר זייט! איך באַקום אַזויפיל, אַזויפיל, אַז אייערע טויזענטער וועלען ניט פאַרגרעסערען מיין אוצר, ווי ס׳ווערט ניט פאַרמעהרט דער ים פון אַ טראָפּען וואַסער.

ג א ד י נ ס ק י: געגוג שוין... ים... וואַסער...

י אָ ש ק ע: צו וואָס דאַרף איך אייער געלט? נעהמט עס אייך פאַר זיך. ווען איך וואָלט געווען אַ גביר, ווען איך וואָלט געהאַט געלט! איך וואָלט דיר שוין געוויזען, שיינע . . . דו וואָלסט שוין מיר געגלויבט . . . אוי, ווען איך וואָלט געהאַט געלט!

(ס׳לויפט אַריין האדעס, אַ צוטומעלטע, אַ איבערראַשטע).

ה א ד ע ס: אוי, אוי, רבונו של עולם, אוי!...

ל ו ר י ע: וואָס איז געשען?

ה א ד ע ס: כ׳ווייס ניט, — אפשר גוט, אפשר שלעכט...

ל ו ר י ע: וועמען שלעכט?

ה א ד ע ס: כ׳ווייס ניט... יאָשקען גוט... שלעכט... כ׳ווייס ניט...

ל ו ר י ע: רעדט אַ וואָרט...

ה א ד ע ס: ער האָט דאָך אַרויסגעצויגען... די לאָטעריי... געוואונען... ער האָט געוואונען 40 טויזענט רובל.

ל ו ר י ע: ווער האָט געוואונען?

ה א ד ע ס: יאָשקע האָט געוואונען... אוי, וואָס ס׳טהוט זיך אויפ׳ן גאַס... אוי, רבונו של עולם...

(אויפטריט וואַסערטרעגער, רעוועט פאַר פרייד, און וואַרפט זיך אַרויף אויף יאָשקע׳ן ווי אַ בער. נאָך איהם לויפען אַריין מענער און פרויען).

ו ו א ס ע ר ט ר ע ג ע ר: יאָשקע! יאָשקע! יאָשקע! אַ גליק! אַ גליק... דו ביסט רייך! מיר זיינען רייך אַ גליק. מוזיק, שפּיל נומער 5, הוראַ...

(אויפטריט שייקע־קוימענקערער, שטויסט אַלעמען פאַנאַנדער, שרייט, פישטשעט, נאָר דערנענטערט זיך ניט צו יאָשקע׳ן, כדי איהם ניט אויסצושמירען, שטרעקט אויס די הענט, נעהמט אַרום די לופט און קושט...)

ש י י ק ע: וואו איז ער? ווייזט מיר איהם דערלאַנגט מיר נאָר אהער דעם עושר, דעם זשוליק! וואו איז ער דער מיליאָנער... יאָשקע ברודערקע.. ברודערעל.. פריינט.. יאשונטשיק.. דו ביזט

**שוין ניט קיין פּראָלעטאַראַט.. דו וועסט דאָך שוין איצט מיט ראָט־שילד'ען ביי איין טיש טיי טרינקען.. 40 טויזענט.**

**י אַ ש ק ע: שיינע! שיינע! כלה מיינע.. פרייד מיינע.. דאָס גאַנצע געלט איז דיין — ניט מיין.. די גאַנצע וועלט איז אונזערע. נו, סעמיאַנטשיק, ווער איז איצט אויבען און ווער איז אונטען? גאָט איז מיט אונז, גאָט איז מיט אונז.. גאָט איז מיט אָרימע מענשען.. (**פרוי לוריע'ן כאַפּט די היסטעריקע).

פ אָ ר ה אַ נ ג

---

## **דריטער אַקט**

די זעלבע אויסשטאַטונג, וואָס אין ערשטען אַקט.

אין קיך אַ אומאָרדענונג, ווי בשעת מען גרייט זיך צום אַוועקפאָהרען. אַ טייל פון די זאַכען איז שוין איינגעפּאַקט. אַ סך פּעקלאַך פון נאָר־וואָס געקויפטע חפצים: היט, לענטעס, קליידער און דאָס גלייכען. עטלעכע קעסטלאַך קאָנפעקטען, פרוכטען וכדומה.

אויף דער בינע געפינען זיך מאַדאַם לוריע, סעמיאַנטשיק און האָדעס. אליעטשקע שלעפּט פון טיש קאָנפעקטען און קנאַקט ניסלאַך.

**ס ע מ י א נ ט ש י ק: וואָס ווילט איהר פון מיר? אָט — יאָ, אָט — ניין. פריער איז געווען ניין, און איצטער איז געוואָרען יאָ. וואָס ווילט איהר?**

**ה א ד ע ס: אוי, רבונו של עולם! נאַרעלע, נאַרעלע!**

**ל ו ר י ע: דו האָסט געבעטען אַ נייעם אנצוג, האָב איך דיר איהם אויפגעניייט. אַ שלעכטער אנצוג?**

**ה א ד ע ס: זאָל מיר אַזוי גאָט העלפען.**

**ס ע מ י א נ ט ש י ק:** (באַקוקט זיך) **דאַכט זיך, אַז דאָ ציט אַביסעל.**

**ל ו ר י ע: וואָס ציט? וואו ציט... אַליין ציסטו — מ'וואָלט שוין לאַנג אַלץ געקאָנט פאַרענדיגען.**

ס ע מ י א נ ט ש י ק: וואָס קאָן איך טאָן? איך קאָן גאָר ניט טאָן.
א ל י ע ט ש ק ע: (קוקט אויף דעם וואַסערטרעגערס אויפשריפטען) אין שטאָט זיינען דאָ פיער וואַסערטרעגערס, לוינט זיך זיי איינצופּיה־רען זייער אייגענע שפּראַך?
ל ו ר י ע: ביסט ווידער דאָ! וויפיל מאָל האָב איך דיר געזאָגט זאָלסט ניט גיין אין קיך.
א ל י ע ט ש ק ע: איצט איז שיינע דאָך אַ רייכע.
ל ו ר י ע: הונדערט טויזענט מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אַז קינדער טאָרען ניט געהן אין קיך. (גיט איהר אַ פּאַטש. אליעטשקע אַנטלויפט).
ה א ד ע ס: הלוואי וואָלט סעמיאַנטשיק געפאָלגט די עצה.
ס ע מ י א נ ט ש י ק: וואָס האָט עס צו מיר? זי וויל חתונה האָ־בען מיט יאָשקע'ן און יאָשקע איז איצט רייך. זי קוקט אפילו ניט אויף מיר... ווידער זיינען אַלע קעגען מיר...
ה א ד ע ס: זי קוקט ניט — וועט זי קוקען. אַזאַ שעהנער יונגער מאַן, ווי אַזוי וועט זי עס ניט אַ קוק טאָן? ווען זי וואָלט מיר געווען אַ פרעמדע, וואָלט איך זיך ניט אַריינגעמישט, אָבער זי איז דאָך מיין קרובה — אייגען בלוט...
ל ו ר י ע: און מיר איז זי דאָך געוויס אַ קרובה. איך בעט דיך, סעמיאַנטשיק, רייד זיך דורך מיט איהר, זאָג איהר אַ פּאָר איידעלע ווערטער... זי איז אַ יתומה, און דו ביסט אַ יתום, און איך בין אַן איינזאַמע, הילפלאָזע אַלמנה. (צו האדעס'ען) ער וועט איהר אודאי דאָס גאַנצע געלט אָוועקגעבען?
ה א ד ע ס: וואָס פאַר אַ פראַגע, ער איז אין איר פאַרליבט איבער די אויערען.
ל ו ר י ע: די גאַנצע 40 טויזענט?
ה א ד ע ס: פערציג טויזענט האָט איהם די באַנק אויסגעצאָהלט! זי איז אַ מיליאָנערשע, אויף מיר געזאָגט געוואָרען.
ל ו ר י ע: דו הערסט, סעמיאַנטשיק... רייד זיך דורך מיט איהר, סעמיאַנטשיק, איך באַשווער דיך מיט דיין טאַטען עליו השלום.
ס ע מ י א נ ט ש י ק: אוי, גאָט מיינער! איך האָב געזאָגט, אַז מ'דאַרף נעהמען אַ פּוילישע דינסט, וואָלט מעהר ניט געווען קיין צרות.

ל ו ר י ע: **אָבער פאַרוואָס זאָלסטו זיך ניט דורכריידען מיט איהר. באַקלעהר נאָר ווער דו ביסט און ווער איז יאָשקע.**

ה א ד ע ס: **באַקלעהר נאָר, סעמיאָנטשיק, דו וועסט יעדען טאָג קע־נען טראָגען אַ נייעם אנצוג, איידער ס'איז נאָך אַרויס די מאָדע.**

ס ע מ י א נ ט ש י ק: **נו, גוט, איך וועל זיך מיט איהר דורכריידען, אויב דו ווילסט. נאָר ס'איז קאָמיש: אָט איז נייך, און אָט איז יאָ . . . און וואָס וועט זיין מיט קאַצ'ס טאָכטער?**

ה א ד ע ס: **וואָסער קאַץ, וואָסער מויז?! קאַץ גיט 12 טויזענט, און דאָ באַקומסטו 5 מאָל אַזוי פיל — 40.**

ל ו ר י ע: **ווער רעדט וועגען געלט? אפשר איז ביי דיר וואָס גע־ווען מיט איהר? אפשר האָסטו איהר צוגעזאָגט, דאַרפסטו האַלטען וואָרט. וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָ געלט?**

ה א ד ע ס: **ווער רעדט וועגען געלט?**

ס ע מ י א נ ט ש י ק: **איך האָב איהר טאַקע צוגעזאָגט, און וועל האַלטען וואָרט ווי אַן אָרענטליכער מענש, נאָר קויפען מיך פאַר געלט קאָן מען ניט.**

ה א ד ע ס: **ווער רעדט וועגען געלט! קוקט, וואָס ער האָט איהר אָנגעקויפּט היט, שמאַטקעס, לענטעס, קאָנפּעקטען! אַ משוגע'נער! דאָס איז דען אַ הוט? דאָס איז דאָך אַ גאַנצער גאָרטען!** (מעסט אָן די הוט).

ל ו ר י ע: **זי געהט.** (געהט אָפּ, מיטשלעפּענדיג מיט זיך סע־מיאָנטשיקען).

(אויפטריט שיינע, אָנגעטאָן רייך).

ה א ד ע ס: (ליבלאַך) **האָסט זיך צוריקגעקעהרט, מיין האַרץ? האָסט זיך ניט פאַרמאַטערט? איך האָב נאָר וואָס אַ טראַכט געטאָן: אוי, ס'אַראַ שעהנער הוט, גלייך פון פאַריז. אויך ער האָט דאָס געקויפט? אָט איז אַ מענש . . . אַ קאָפּ־מענש!** (געהט אָפּ, באַגעגענט זיך מיט סע־מיאָנטשיק'ן און גיט איהם דורך מימיק צו פאַרשטעהן, אַז איצט איז די בעסטע צייט צו ריידען מיט שיינע'ן).

ס ע מ י א נ ט ש י ק: (זוכט כלומרשט עפּעס) **שוועבעלאַך . . . וואו זיינען די שוועבעלאַך?**

ש י י נ ע: (ענטפערט ניט).

ס ע מ י א נ ט ש י ק: (שטעלט זיך אָפּ ביים פענצטער) ס׳איז קאַלט... ס׳איז שוין ווינטער. (שיינע ענטפערט ניט. ער הויבט אָן פּייפן דעם זעלבען מאָטיוו, וואָס אין צווייטען אַקט, רייסט איבער). וואָס פאַר אַ שעהנע הוט.

ש י י נ ע: טשעפע ניט...

ס ע מ י א נ ט ש י ק: איך טשעפּע ניט. דו ביסט איצט רייך... איך בין זייער צופרידען... מיר אַלע זיינען צופרידען... און די מאַמע... (שיינע לאַכט) וואָס לאַכסטו?

ש י י נ ע: פאַרוואָס זאָל איך ניט לאַכען?

ס ע מ י א נ ט ש י ק: יאָ, דיר איז גוט, אויף דיר איז אַ גליק אַראָפּגעפאַלען פון הימעל, און איך . . . די מאַמע וויל, אַז איך זאָל חתונה האָבען...

ש י י נ ע: מזל טוב דיר.

ס ע מ י א נ ט ש י ק: מיט מזל זאָלסטו לעבען... דאָס וויל זי דאָך, ניט איך. דו פאַהרסט היינט אַריבער צו זיך?

ש י י נ ע: יאָ.

ס ע מ י אַ נ ט ש י ק: אַודאי, וואָס האָסטו צו טאָן דאָ? דו ביסט רייך, וועסטו געהן אין טעאַטער, דו וועסט מיך אינגאַנצען פאַרגעסען. וואָס האָב איך דיר אָבער געטאָן? (שיינע קעהרט זיך אָפּ צו איהם מיט דער פּלייצע) כל־זמן דו ביסט געווען אַן אָרים מיידעל — האָסטו געקוקט אויף מיר און געליבט, איצט אָבער, אַז דו ביסט רייך געוואָרען, איז שוין געוואָרען אויס סעמיאַנטשיק... וואָס סעמיאַנטשיק, ווער סעמיאַנטשיק . . .

ש י י נ ע: (זיפצט, ווישט אָפּ אַ טרעהר) רייד נישט אַזוי...

ס ע מ י א נ ט ש י ק: אין אַ יאָר אַרום וועסטו פאָהרען אין אַ קאַרעטע, איך וועל דיך באַגריסען, און דו וועסט אַפילו ניט ענטפערען.

ש י י נ ע: ניט אמת, איך וועל ענטפערען.

ס ע מ י א נ ט ש י ק: ס׳קאָן זיין, אַז דו וועסט ענטפערען צום ערשטען מאָל, אָבער צום צווייטען מאָל, ניט . . .

ש י י נ ע: ס׳איז געווען אַ צייט, סעמיאַנטשיק, ווען איך האָב זיך ביי דיר געבעטען אַזוי ווי דו ביי מיר איצט. וואָס האָסטו מיר געענטפערט מיט דריי טעג צוריק?

ס ע מ י א נ ט ש י ק: מיט 4 ניט מיט 3.

ש י י נ ע: דו האָסט מיך אָפּגעשטויסען און אויסגעלאַכט. ס׳איז מיר געווען אַזאַ חרפּה און ס׳האָט מיר אַזוי וויי געטאָן, ווי מ׳וואָלט מיר אַ קלאַפּ געטאָן. איצט איז שוין צו שפּעט . . .

ס ע מ י א נ ט ש י ק: פאַרוואָס שפּעט? ביי אייך איז דאָך אפילו קיין תנאים ניט געווען?

ש י י נ ע: שפּעט, שפּעט...

ס ע מ י א נ ט ש י ק: דו אַליין האָסט געזאָגט, אַז חתונה האָבען מיט אַ מענשען, וואָס דו ליבסט נישט, איז קיין גליק ניט... נאָר אפשר האָסטו איהם שוין ליב באַקומען?

ש י י נ ע: דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב עס דיר אויף צו־להכעיס געטאָן.

ס ע מ י א נ ט ש י ק: אויף צו־להכעיס?

ש י י נ ע: יאָ, אָבער וואָס טויג מיר מיין לעבען, צו וואָס טויג מיר מיין עשירות...

ס ע מ י א נ ט ש י ק: און איך זאָל בלייבען אַליין? אַן עלענדער? ווער דאַרף סעמיאַנטשיק׳ן? אַ וואַזשנע זאַך — סעמיאַנטשיק! וועט זיך קויפען אַ נייעם אנצוג, און דאָס איז גאָר... א, מיך קען קיינער ניט, קיינער דאַרף מיך ניט... נאָר אויב איך וועל שטאַרבען, וועט מען זיך דעמאָלט דערמאָנען אָן מיר...

ש י י נ ע: רייד נישט אַזוי... איך קאָן עס נישט הערען...

ס ע מ י א נ ט ש י ק: ס׳קאָן זיין, אַז איך בין אַ לייכטזיניקער, אָבער איך בין ניט קיין גזלן... איך בין יונג, און דו ביסט יונג... און אַז איך ליב דיך — דאָס ווייסטו דאָך שוין לאַנג . . .

ש י י נ ע: אַזוי לאַנג, אַז איך האָב שוין באַוויזען צו פאַרגעסען.

ס ע מ י א נ ט ש י ק: יאָ, אַלצדינג פאַרגעסטו, איך אָבער בין ניט אַזוי, טו ווי דו ווילסט, נאָר איך זאָג: אויב דו וועסט חתונה האָבען מיט יאָשקע׳ן — קאָנסטו פאַרגעסען אָן דיין סעמיאַנטשיק׳ן, און ס׳וועט שוין זיין צו שפּעט . . .

(אויפטריט האדעס).

ה א ד ע ס: געה שוין, געה שוין... ס׳וועט שוין גוט זיין... אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג.. (סעמיאַנטשיק אָפּ) איך האָב נאָך ניט גע־

זעהן אַזאַ שעהנעם יונגען מאַן ווי ער ... אוי, ס׳אַראַ שעהנע קליידער, ס׳אַראַ הוט . . . אוי, אוי, אוי . . . ס׳אַראַ פֿעדערען . . .

(אויפטריט יאָשקע אין אַ נייעם אנצוג און אַ רייכען פעלץ, זעהט אויס זעהר יונג און שעהן).

ה א ד ע ס: דאָס איז אודאי פֿעדערען פֿון אַ לייב. גוט מאָרגען, הער פערלזאָן. איך קוק, וואָס פֿאַר אַ גראַף געהט עס, און ס׳איז גאָר הער פערלזאָן.

י אָ ש ק ע: לאָז מיר צו רוה מיט דיין הערדען פערלזאָן. גוט מאָרגען, שיינע, גוט מאָרגען, מיין נחת... (וויל אַ קוש טאָן) נו?

ש י י נ ע: ווידער קושען, נאָר קושען.

ה א ד ע ס: יונגוואַרג, ס׳פאַרשטעהט זיך...

י אָ ש ק ע: איך קען נישט, איך מוז אַ קוש טאָן...

ה א ד ע ס: איהר וועט ניט האָבען קיין פאַראיבעל, הערר פערלזאָן? קושט מיך!

י אָ ש ק ע: און וואָס וועט זי זאָגען?

ש י י נ ע: צו געזונט.

ה א ד ע ס: אַזוי ווי דאָס האַרץ האָט מיר שטענדיג געזאָגט, אַז אייך איז באַשעהרט רייך צו ווערען, הערר פערלזאָן! און איהר מיינט, אַז איך האָב אַ געזונט האַרץ? ווי נאָר אַ רעגען, אָדער אַ פראָסט, אָדער ניט דאָ געדאַכט, אַ ווינטעל, הויבט שוין אָן צו שיסען ווי פֿון אַ פיס־טאָלעט.

י אָ ש ק ע: וואָס האָב איך דיר געבראַכט, שיינע? טרעף!

ש י י נ ע: ווידער עפּעס אַ נאַרישקייט.

י אָ ש ק ע: יאָ, יאָ, אַ גרויסע נאַרישקייט.

ה א ד ע ס: און פאַראַיאָהרען ווינטער האָט מיר דער ווינט אַ זעץ געטאָן אין פלייצע, איז דורכגעגאַנגען אַלע פיער מאָגענס און איז אַרויס דורכ׳ן האַרצען.

י אָ ש ק ע: (נעהמט אַרויס אַ פּאַפּיר) וואָס איז דאָס?

ש י י נ ע: פון וואַנען זאָל איך וויסען?

י אָ ש ק ע: קום אַהער, דאָס איז אַ פולמאַכט.

ש י י נ ע: וואָס פאַר אַ פולמאַכט? (גייט צו לאַנגזאַם).

י אָ ש ק ע: (באַהאַלט דאָס פּאַפּיר) גיב אַ קוש.

ש י י נ ע: שוין ווידער?

ה א ד ע ס: געה גיב אַ קוש, וואָס שאַדט עס דיר.

ש י י נ ע: (שטעלט אונטער די באַק) צעהן מאָל אַ טאָג.

ה א ד ע ס: 20! וואָס אַרט עס דיר.

י אָ ש ק ע: (קושט) דאָס איז אַ פֿולמאַכט פֿון מיר צו באַקומען... (פּלוצלונג) דו ליבסט מיך נישט.

ש י י נ ע: (נאָך אַ פּויזע) פֿאַרוואָס?

י אָ ש ק ע: ניין, דו ליבסט ניט. איך פֿיהל עס. דאָס איז דאָס שרעקליכסטע. איך באַמיה זיך ניט צו קלעהרען וועגען דעם, נאָר איך שלאָף ניט, און די געדאַנקען שפּרינגען אַזוי אין קאָפּ... איך קאָן ניט איינשלאָפֿען... יאָ... (ענדערט דעם טאָן) אַ פֿולמאַכט צו באַקומען אין באַנק 40 טויזענט...

ה א ד ע ס: אוי, רבונו של עולם...

י אָ ש ק ע: (פֿאַרטראַכט) פֿאַר דעם געלט וואָלט איך געקאָנט איינאָרדענען אַ שול פֿאַר אָרעמע אינגלאַך, וואו זיי וואָלטען זיך אומזיסט געלערענט שפּילן פֿידל און אויף פֿאַרשידענע אינסטרו־מענטען... איך ווייס, ווי שווער עס איז אָהן בילדונג.

ש י י נ ע: ס'איז דיין געלט, — נעהם און מאַך.

י אָ ש ק ע: איך האָב דיר דאָס צוגעזאָגט. אָט איז דאָס פּאַפּיר, פֿאַרליר נישט... (גיט איהר).

ה א ד ע ס: הערר פּערלזאָן. אַזאַ מענש ווי איהר, איז נאָך ניט געווען אויף דער וועלט. זאָל אייך גאָט העלפֿען וואָס גיכער מאַכען אייער חתונה, און האָבען קינדער און אייניקלאַך... דאָ איז אַלץ ריכטיג אָנגעשריבען?

י אָ ש ק ע: איך האָב אַליין אָנגעשריבען און דער נאָטאַריוס האָט אונטערגעשריבען.

ה א ד ע ס: צי וואָס דער נאָטאַריוס? ער ווייס בעסער פֿון אייך? ווען איהר האָט אָנגעשריבען יענעם בריף מיט די פֿייגעלאַך, איז ניט נאָר איך, נאָר אפֿילו מיינע הינער האָבען געוויינט. (צו שיינע׳ן) וואָס־זשע דאַנקסטו ניט? דאַנק זיי.

ש י י נ ע: (שטרעקט אויס די האַנט) **איך דאַנק** (וויינט פּלוצלונג).

י אָ ש ק ע: וואָס איז מיט דיר? וואָס איז מיט דיר, מיין פייגעלע?

ה א ד ע ס: זי האָט פאַרביטען די יוצרות, זי האָט געדאַרפט לאַכען, האָט זי זיך צעוויינט.

ש י י נ ע: (לאַכט).

י אָ ש ק ע: גאָט צו דאַנקען. איצט וועט מען מיר שוין לאָזען רואיג דורכגעהן די גאָס. איצט וועל איך זיך קאָנען אָפּרוען.

(אויפטריט גאַדינסקי).

י אָ ש ק ע: אוי, געוואַלד! עס געהט דעם שווערס אַלמנה גאַדינסקי מיט זיין אַלטען הורעוויטש.

ג א ד י נ ס ק י: איהר האָט געטראָפען, הערר פערלזאָן. איך בעט אייך... איהר ווייסט דאָך מיין לאַגע, איך דאַרף אייך דען דערצעהלען? דער שווער איז געשטאָרבען, און האָט מיר אָנגעמאַכט אַזוי פיל עגמת נפש, אַז איך קאָן אייך פשוט ניט זאָגען, איך מוז דאָך פון עפּעס לעבען.

י אָ ש ק ע: כדי איהר זאָלט קאָנען לעבען, מוז איך שטאַרבען?

ג א ד י נ ס ק י: גאָט באַהיט, הערר פערלזאָן. ס'איז גאָר ניטאָ קיין ערגערס, ווען אַ מענש שטאַרבט פאַר דער צייט. איך ווייס עס מיט מיין שווער. איצט וועט איהר באַקומען פאַר 180 דאָס, פאַרוואָס איהר וועט דערנאָך דאַרפען צאָהלען 300. דאָ איז דר. טרילינג, דאַרטען — דר. שאַפּיראָ.

ה א ד ע ס: איהר קאָנט איהם לאָזען צורוה. דאָס גאַנצע געלט איז ביי שיינע'ן ביז איין קאָפּיקע.

ג א ד י נ ס ק י: טאַקע? אָפּגעגעבען איהר ס'גאַנצע געלט? אָט איז אַ מענש! געזאָגט און געטאָן. (צו שיינע'ן) איהר קענט דאָך אויך דעם אַלטען הורעוויטש. אַ שטילער זקן... אַ טרוקען אָרט...

שיינע, האדעס און גאַדינסקי געהען אָפּ. יאָשקע בלייבט אַליין און לייגט צונויף שיינע'ס זאַכען אין טשעמאָדאַן, פאַרטראַכט זיך.

אויפטריט וואַסערטרעגער, טראָגענדיג אַ קאראמיסל מיט צוויי ליידיגע עמער אויף די פּלייצעס. ער צעהלט די פאַרשריבענע עמער וואַסער. שטרייכט עס אונטער מיט אַ שטיקל קרייד, קעהרט זיך אום און הויבט אָן שטיל צו לאַכען.

וואַסערטרעגער: דער לעצטער חשבון! באסטא! אָפּגעאַרבעט! ניטאָ מעהר קיין וואַסערטרעגער. (לאַכט) און אויפ׳ן קאַנטראַבאַס וועל איך שוין אויך מעהר ניט שפּילען. אוי, ווי דו האָסט זיך אויסגעפּוצט, יאַשקע! גוט מאָרגען.

יאַשקע: גוט מאָרגען, טאַטע.

וואַסערטרעגער: פאַרוואָס עפּעס ניט? אויב ס׳איז פאַראַן געלט, קאָן מען זיך אויספּוצען ווי אַ מענש. געטראָגען וואַסער, מעהר טראָג איך ניט. וויפיל יאָהר דאַרף מען טראָגען? 23 ניט גענוג? חשבון נאָר צונויף וויפיל איך האָב פאַר די 23 יאָהר אָנגעטראָגען! אַ גאַנצען ים! (צו די עמער) אָה, ווער האָט וועמען איבערגעשפּיצט, איהר מיך, צו איך אייך?

יאַשקע: די עמער וועלען דיר ענטפערען.

וואַסערטרעגער: דו מיינסט, אַז די עמער קאָנען ניט ריידען? אוי, קאָנען זיי!... (ווייזט אויף זיינע פּלייצעס) איך קען גוט זייער לשון! 23 יאָהר זיינען זיי געווען ביי מיר אויף די פּלייצעס ווי אַ שווערער חטא, ווי אַ קאַטאָרזשניק בין איך ביי זיי געווען... זיי זיינען געפאָרען אויף מיר רייטענדיג... פאַרשאָלטענע, ווער האָט איבערגעשפּיצט! איצט וועל איך זיך אָנטאָן און כ׳וועל זיך דורכגעהן אויפ׳ן בולוואַר אָהן זיי. איך האָב אַ רייכען זוהן. יאַשקע, גיב מיר 25 רובל.

יאַשקע: (שמייכעלט) איך האָב ניט.

וואַסערטרעגער: דיין מאַמען וועלען מיר קויפען אַ מתנה, און מיר וועלען רופען דעם בעסטען דאָקטאָר, זאָל זי עסען פלייש יעדען טאָג... צוויי מאָל אַ טאָג... (צו די עמער) איצט וועלען מיר זיך גט׳ן... איך באַזונדער און איהר באַזונדער... זייט מיר מוחל...

יאַשקע: איך האָב ניט קיין געלט אינגאַנצען וואָס איך האָב ביי זיך איז 4—5 רובל

וואַסערטרעגער: וואו זשע איז דאָס געלט?

יאַשקע: דאָס גאַנצע געלט איז ביי איהר — בעט ביי איהר.

וואַסערטרעגער: איז דען ניט אַלץ איינס, ביי דיר, ביי איהר... נו, אַ כלה האָסטו, שוין איינמאָל אַ כלה! זאָל איהר נאָר גאָט געבען געזונט. איך וועל בעטען ביי איהר... (לאַכט) גיב אַן אָרימען

**שוועד אויף פּאַפּיראָסען.** (לאַכט) **אויב ניט וועט ער ווידער מוזען טראָגען וואַסער...** (לאַכט).

**י אָ ש ק ע: די כלה איז אַ וואוילע, און דער טאַטע איז דען שלעכט?** (נעהם איהם אַרום צערטלאַך).

אויפּטריט שיינע, נאָר איהר האדעס און פרוי לוריע. זיי הויבען אָן גיך צונויפצונעהמען שיינעס זאַכען, סוד׳ן זיך און קוקען ניט אויף יאָשקע׳ן.

**וואַסערטרעגער: גוט מאָרגען אייך. כ׳האָב אייך צום לעצטען מאָל געבראַכט וואַסער.**

**לוריע:** גוט.

**וואַסערטרעגער: איך זאָג צו מיינע עמער: גענוג זיינען זיי אויף מיר געריטען, איך קאָן זיך אָפּרוען, און וואַסער וועט אייך טראָגען אַן אַנדערער. גוט מאָרגען, שיינעלע!** (שיינע ענטפערט ניט).

**י אָ ש ק ע: שיינע, דער טאַטע זאָגט דיר גוט מאָרגען.**

**ש י י נ ע:** גוט מאָרגען (פּאַקט זיך).

**י אָ ש ק ע: איהר פּאַקט זיך שוין? איך וועל אייך צוהעלפען. דאָס אויך?**

**ה א ד ע ס: גיב אַהער, יאָשקע, מיר וועלען עס טאָן אָהן דיר.**

**י אָ ש ק ע: זאָל האדעס נעהמען די זאַכען און מיר מיט דיר וועלען פּאָהרען.** (טהוט אָן דעם מאַנטעל. די פרויען קוקען ניט אויף איהם, שיינע און האדעס טוען זיך אָן).

**ל ו ר י ע:** (קושט שיינע׳ן) **זאָל גאָט געבען מיט גליק, גאָט זאָל געבען.**

**י אָ ש ק ע: איך דאַנק.** (נעהמט אַ פּעקעל).

**ה א ד ע ס: לאָז, יאָשקע, דו שטערסט נאָר.**

**י אָ ש ק ע:** (לאַכט) **גיט אַ קוק, איך בין נאָך ניט קיין מאַן, און איך שטער שוין. וואָס־זשע וועט זיין נאָך דער חתונה?**

**ה א ד ע ס: פאַר דער חתונה, נאָך דער חתונה, ס׳איז נאָך פריה צו ריידען וועגען דער חתונה.**

**י אָ ש ק ע: וואָס?**

**ש י י נ ע:** (געהט צו דער טיר, אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ, האדעס נאָך איהר).

י אַ ש ק ע: וואוהין געהסטו, שיינע?
ה א ד ע ס: בייגעל באַקען.
י אַ ש ק ע: וואוהין געהסטו? און איך?
ש י י נ ע: יאַשקע, איך וועל ניט זיין דיין ווייב... איך האָב ליב אַן אַנדערען, און איך קאָן איהם ניט פאַרגעסען.
י אַ ש ק ע: (שטיל) אַן אַנדערען?
ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר: און דאָס געלט? דאָס געלט?
ל ו ר י ע: וואַסער געלט? דאָס געלט איז איר׳ס, ער האָט איהר אַוועקגעגעבען, געשאָנקען... (אָפּ).
ש י י נ ע: איך קאָן ניט... איך האָב דיך ניט ליב... דו פּיהלסט עס דאָך אַליין. (אָפּ).
ה א ד ע ס: אוי, רבונו של עולם!.. (אָפּ).
י אַ ש ק ע: (לאָזט ניט אַראָפּ די אויגען פון דעם אָרט, וואו ס׳איז געשטאַנען שיינע).
ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר: ניטאָ קיין געלט! פאַרפאַלען? אַלץ איז פאַרפאַלען? (גיט אַ שטויס מיט די פיס די עמער) פאַרשאָלטענע! ווינציג זייט איהר געפאָהרען אויף מיר, וועניג האָט איהר מיר גע־שטיקט? (פאַלט אויף די עמער און וויינט).
י אַ ש ק ע: ניין, ניין...

אויפטריט שייקע קוימענקערער, וועלכער איז ריין אַרומגעוואַשען און צוגעפוצט.

ש י י ק ע: איך וועל דיר בעטען, יאַשקע, גאָט האָט דיר געהאָלפען — העלף מיר איצט. מיר זיינען געווען ווי צוויי ברידער, איצט ביסטו רייך, און איך בין שייקע — קוימענקערער, דער פויקער ביי יודקע קראַוטשיקן אין קאַפּעלע. העלף מיר, גיב מיר געלט.
י אַ ש ק ע: געלט?
ש י י ק ע: אַלע לאַכען פון מיר און רופען מיך: סאָציאַליסט. וואָס בין איך פאַר אַ סאָציאַליסט, אַז איך האָב קראַנקע לונגען... גיב מיר אַביסעל געלט, יאַשקע...
ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר: ער וועט געבען... בעט איהם, בעט...
ש י י ק ע: דער פעלדשער האָט געזאָגט, אַז אויב איך וועל יעדען טאָג טרינקען מילך, וועל איך זיך מיט גאָט׳ס הילף אויסהיילען. פון

דרויסען וועל איך זיין שוואַרץ פון סאַזשע, און אינעווייניג ווייס פון מילך. גאָט האָט דיר געהאָלפען, העלף מיר אויך.

י אָ ש ק ע: איך האָב ניט.

ש י י ק ע: ווילסט ניט? מיר? אַי, יאָשקע, יאָשקע...

י אָ ש ק ע: (נעהמט אַראָפ פון זיך די רינגען, דעם זייגער) נאַ, נעם...

ש י י ק ע: וואָס זאָל עס מיינען? . . .

ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר: ער האָט אַליין אַרויפגעלייגט אויף זיך די פעטליע, אויף זיך און אויף מיר.

י אָ ש ק ע: (לויפט־צו צום פענסטער) אָט איז זי, סעמיאַנטשיק מיט איהר... זיי געהען אַוועק (פאַלט־צו צום פענסטער) מיין קאָפּ... אוי, מיין קאָפּ (שרייט אויס) זי געהט, זי קעהרט זיך אום... איך האָב אייך געזאָגט, איך האָב געזאָגט...

אויפטריט שיינע.

י אָ ש ק ע: (קוקט אויף איהר, עס וואַרפט איהם ווי אין קעלט).

ש י י נ ע: איך וויל נישט דו זאָלסט מיינען, אַז איך האָב כלומרשט דיין געלט צוגע׳גנב׳עט. (נעהמט אַרויס דאָס פּאַפּיר) נעהם דיר דיין געלט.

י אָ ש ק ע: געלט...

ש י י נ ע: (וואַרפט דאָס פּאַפּיר אויפ׳ן טיש) איך דאַרף עס ניט. נעהם. און אַלע דיינע מתנות וועל איך דיר אויך אָפּגעבען. איך דאַרף גאָרניט פון דיר. ס׳קאָן זיין, אַז דו ביסט אַ בעסערער פון איהם, באַ־שטימט אַ בעסערער, נאָר איך האָב ליב אַן אַנדערען, ניט דיך. איך וועל קיינמאָל ניט חתונה האָבען מיט דיר. איך ליב איהם און ניט דיך.

י אָ ש ק ע: איך ווייס.

ש י י נ ע: איך וואָלט סיי־ווי אין אַ חודש אַרום אַנטלאָפען פון דיר. (געהט, פלוצלונג קעהרט זי זיך אום, וואַרפט זיך צו יאָשקע׳ן און קושט איהם די הענט). יאָשקע, שיינק מיר אַוועק דאָס געלט, נעהם ניט צו, שיינק מיר אַוועק דאָס געלט.

ו ו אַ ס ע ר ט ר ע ג ע ר: נעהם עס צו ביי איהר, גיב נישט...

י אָ ש ק ע: גאָט איז מיט דיר, שיינע, צו וואָס קושטו מיינע הענט?

ש י י נ ע: אויב דו ליבסט מיך אין דער אמת׳ן וועסטו פאַרשטעהן, ווי שרעקליך עס איז, ווען דו קאָנסט ניט האָבען דאָס, וואָס דו ווילסט.

דו פֿאַרשטעהסט דאָך, אָהן געלט וועט ער מיט מיר ניט חתונה האָבען. זיי מיר אַ ברודער, מאַך מיך ניט אומגליקלאַך.

וואַסערטרעגער: הער זי נישט... גיב נישט אָפּ דאָס געלט; די מאַמע איז קראַנק, איך בין אַלט... יאָשקע, הער זי נישט...

שייקע: אָהן געלט איז שלעכט! אָהן געלט וועסטו פֿאַרפֿאַלען ווערען!

יאָשקע: קאָן איך דען דיך קויפֿען פֿאַר געלט? איך האָב עס דיר געשיינקט, דאָס געלט איז דיינס.

שייקע: וועסט פֿאַרפֿאַלען ווערען, וועסט פֿאַרפֿאַלען ווערען...

שיינע: פֿאַרוואָס ביסטו ניט ער... מיר האָבען ביידע איין מזל: מיר ליבען און אונז ליבט מען ניט, זיי ניט ברוגז אויף מיר. איך וועל קיינמאָל ניט פֿאַרגעסען דאָס, וואָס דו האָסט געטאָן פֿאַר מיר.

יאָשקע: גערה, גערה...

אויפֿטריט סעמיאַנטשיק.

סעמיאַנטשיק: וואָס איז געשעהן, שיינע, פֿאַרוואָס האָסטו זיך אומגעקעהרט?

יאָשקע: איצט זייט איהר ווידער פֿון אויבען און איך פֿון אונטען... נאָר איך האָב צו אייך גאָרנישט. איך בעט אייך נאָר איהר זאָלט זי ניט מצער זיין און ליב האָבען כאָטש אַ העלפֿט ווי איך. (סעמיאַנטשיק שטרעקט אויס די האַנט) מ׳דאַרף ניט קיין האַנט, מ׳דאַרף גאָרנישט... און דעם בריף... דעם בריף וועל איך אייך ניט אָפּגעבען. גייט גיכער, גייט אַוועק... (סעמיאַנטשיק און שיינע אָפּ).

שייקע: (פֿייפֿט) אַנטלאָפֿען דאָס פֿויגעלע!

וואַסערטרעגער: אונז האָט ער ניט געזשאַלעוועט! אויף אונז האָט ער קיין רחמנות ניט געהאַט.

יאָשקע: טאַטע, איך האָב ניט געקאָנט אַנדערש! איך האָב ניט געקאָנט.

וואַסערטרעגער: (נעהמט די עמער) זאָטעלט מיך אָן, שטיקט מיך, פֿאַרשאַלטענע, אַוועק אין דער אַרבעט, אַלטע קליאַטשע, ביז דו וועסט ניט פּגר׳ן. (אָפּ. אין טיר באַווייזט זיך אַ המון אַרימעלייט).

1 ־ ט ע ר  אַ ר י מ אַ ן: יאַשקע, ביי מיר איז אַ קינד קראַנק, גיב מיר וואָס ניט איז...

1 ־ ט ע  אַ ל ט ע: יאַשקע, געבענטשט זאָלסטו זיין פון גאָט... איך בין קראַנק... איך שטאַרב.

2 ־ ט ע ר  אַ ר י מ אַ ן: איך האָב ניט קיין אַרבעט, אין שטוב איז ניט געהייצט.

ק אַ ל י ק ע: העלף אַ קאַליקע... שיינק איהם עפּעס.

2 ־ ט ע  אַ ל ט ע: איך קען דיין מאַמע׳ן, איך האָב דיך אַלס קליין אינגעלע געקענט... איך האָב קינדער...

3 ־ ט ע  אַ ל ט ע: גיב איהר נישט, גיב מיר, קיינעם גיב נישט, גיב מיר.

3 ־ ט ע ר  אַ ר י מ אַ ן: ער וועט אַלעמען געבען. שרייט ניט, ער האָט אַ גוט האַרץ. יאַשקע, זאָל דיר גאָט העלפען, פאַרגעס ניט אַרימעלייט.

1 ־ ט ע  אַ ל ט ע: דו ביסט אַליין געווען אָרים. איך בין קראַנק. מיך שטיקט דער הוסט. פאַרגעס ניט אַרימעלייט.

י אַ ש ק ע: (נעהמט אַרויס אַלץ וואָס ער האָט אין בייטעלע, גיט אָפּ זיין פּעלץ, נעהמט פון זיך אַראָפּ זיין ראָק און גיט אָפּ) מער האָב איך גאָרנישט.

1 ־ ט ע ר  אַ ר י מ אַ ן: און מיר?

2 ־ ט ע ר  אַ ר י מ אַ ן: ער איז געוואָרען גרויס ביי זיך... ער וויל אונז אָפּנאַרען...

ק אַ ל י ק ע: ער האָט דאָך אָפּגעגעבען דאָס גאַנצע געלט! שוטה!

3 ־ ט ע  אַ ל ט ע: משוגע׳נער! געדונגענער חתן! געדונגענער חתן! (ס׳קומען אָן נאָך אָרימעלייט, אַ טומעל, אַ געשריי, אַ געלעכטער) משוגענער, אָפּגעגעבען דאָס געלט! ניט רחמנות געהאָט אויפ׳ן טאָ־טען, געדונגענער חתן; געדונגענער חתן!

י אַ ש ק ע: איך האָב ניט... ניטאָ... אַלץ אָוועקגעגעבען. (אַלע אָפּ, יאַשקע בלייבט אַליין).

אויפטריט אליעטשקע, ס׳ווערט טונקעל.

א ל י ע ט ש ק ע: דו האָסט מיר צוגעזאָגט צו שיינקען רויטע קארעלען.

י אַ ש ק ע: רויטע קאַרעלען האָב איך דיר צוגעזאָגט... איך האָב אָבער גאָרנישט, אַלץ אָפּגעגעבען. ווילסט, וועל איך אַרויסנעהמען פון ברוסט מיין האַרץ — מיין רויט האַרץ...

א ל י ע ט ש ק ע: איך האָב מורא.

י אַ ש ק ע: ווען דו וועסט אויסוואַקסען, וועסטו זיך דערוויסען, וואָ־סערע וואונדערליכע זאַכען ס׳זיינען פאַראַן אויף דער וועלט. מ׳נעהמט אַרויס דאָס האַרץ פון ברוסט, אַ רויט האַרץ, פון וועלכער ס׳גיסט זיך בלוט און מען שפּילט מיט איהם... מען שפּילט...

א ל י ע ט ש ק ע: איך ווייס... מ׳האָט דיך באַ׳עולה׳ט, נאָר דו האָב ניט קיין מורא, דו ביסט פונדעסטוועגען בעסער און שעהנער פון אַלעמען, און ווען איך וועל זיין אַ גרויסע, וועל איך מיט דיר חתונה האָבען.

י אַ ש ק ע: (נעהמט אַרויס פון בוזים אַ שנירעל רויטע קאַרעלען — פונקט ווי ער וואָלט זיין האַרץ אַרויסגענומען) אָט איז מיין האַרץ!.. שפּיל, שפּיל... אָט איז עס...

א ל י ע ט ש ק ע: ס׳אַראַ רויטע קאַרעלען! רויטע ווי בלוט!

אין פענסטער פאַלט אַ שטיין, ס׳הערען זיך געשרייען:

משוגע׳נער! געדונגענער חתן! געדונגענער חתן!

א ל י ע ט ש ק א: איך האָב מורא...

י אַ ש ק ע: (שרייט אויסער זיך) נעהמט אַלץ! נעהמט! (רייסט אויף זיך די העמד, אַנטבלויזט זיין האַרץ) מעהר האָב איך גאָרנישט... דעם בריף... דעם בריף וועל איך ניט אָפּגעבען... (ס׳ווערט פינסטער אליעטשקע אַנטלויפט, די געשרייען הערען אויף. אין דער פינסטער הערט זיך זיין שטים) אַלצדינג איז מיינס... די גאַנצע וועלט... די גאַנצע וועלט... דאָס לעבען איז זעהר טייער, טייערער פון 40 טויזנט... פאַר׳ן לעבען דאַרף מען צאָהלען ניט מיט געלט, נאָר מיט בלוט. (פויזע) איך בין פאַרפאַלען... איך בין פאַרפאַלען...

(אַלץ ווערט פאַרהילט אין אַ נעפעל און פאַרשווינדט)

ווען ס׳ווערט העלער — זעהט מען די אויסשטאַטונג פון פּראָלאָג.

# עפּילאָג

(אויף דער בעטעל ליגט דאָס מיידעלע און קוקט ערשטוינט אויף יאָשקע׳ן. ער איז גרוי, אָפּגעריסען. דער מיידעלע׳ס פֿאָטער זעצט פֿאָר זיין דערצעהלונג).

**פ אָ ט ע ר: ...און ער איז אומגעקומען... ס׳זיינען פֿאַרביי אַ סך יאָהרען... ווי אַ שטן שלעפּט ער זיך נעבעך אַרום איבער׳ן שטאָט, אַן אָפּגעריסענער, אַ הונגעריקער, אַ האַלב־משוגע׳נער... אַ דיכטער, וואָס האָט ליב געהאַט מענשען, מעהר ווי זיך אַליין, און פון וועמען דאָס לעבען האָט אַזוי חוזק געמאַכט...**

**יאָשקע הויבט אָן שפּילען אויפ׳ן פידל, זיין פּנים איז שעהן און באַגייסטערט.**

שטיל פאַרמאַכט זיך דער פאָרהאַנג.

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

# אַ באַגעגעניש מיט אָסיפּ דימאָוו׳ן

. . . ווען איך דערזעה אָסיפּ דימאָוו׳ן אין דער רעדאַקציע פון "פאָרווערטס", צי אין דער ליטעראַרישער קאַפּע, צי איך טרעף אים ערגעץ אין אידישען טעאַטער, — דערזעה איך עפּעס מעהר, ווי סתם אַ גוטען שרייבער. איך פאַרטראַכט זיך, ס׳קומען געדאַנקען אין קאָפּ . . . דימאָוו — און מעהר ווי דימאָוו.

אין אָסיפּ דימאָוו׳ן, אין זיין פּערזענליכקייט — קומען זיך צונויף די פעדים, די ברעגען און ביי־וועגען, בילדער און שטריכען פון אַ גאַנצער עפּאָכע.

זעהסטו דימאָוו׳ן דערמאָנסטו זיך: אויפגאַנג פון דער מאָדערנער רוסישער ליטעראַטור.

פיינער אָטעם. וואויל-געדוך. הייסע דיסקוסיע: דאַרף קונסט טאַקע זיין סאָציאַל? אָדער דאַרף עס זיין „קונסט פאַר קונסט?"

די דיסקוסיעס פון דעם אָנהויב צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט — דיסקוסיעס אין מאָסקווע, אין פּעטערבורג.

נייע טאַלאַנטען, נייע פּאָעטען. גראַציעזער בויג אין דער ליטע־ראַטור. פּרעציזקייט, וואוילקלאַנג.

נייע ליטעראַרישע כוחות און מיט זיי — אין דעם אַמאָליגען פּע־טערבורג — דער ביאַליסטאָקער דימאָוו.

זעהסטו דימאָוו׳ן, דערמאָנסטו זיך אויך: אויפגאַנג פון אידיש־נאַציאָנאַלען טאָן; אויפגאַנג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער אידעע, וואָס האָט גענומען מאָנען און רופען:

— זון פון ביאַליסטאָק (צי זון פון אַן אַנדער שטאָדט) — פאַרוואָס זאָלסטו זיך אָפּגעבען דער רוסישער ליטעראַטור אין דער צייט, ווען דיין אייגען פאָלק דאַרף דיך האָבען? . . .

די צייט ווען ס׳האָט זיך ביי אונז צעברענט דער הייסער קאַמף געגען יענעם טייל פון דער פאַלש־באַגריפענער השכלה, וואָס האָט גע־צויגען צו אַסימילאַציע, און צו דער פרעמדער קולטור.

זעהסטו דימאָוו׳ן, דערמאָנסטו זיך אויך אָן רוישיקע יאָהרען אין דעם היגען אַמעריקאַנישען אידישען טעאַטער. די עפּאָכע נאָך גאָרדין. אין יענע יאָהרען, אַרום יאָהר 1914 און ווייטער, האָט דאָך דימאָוו געשפּילט גאָר אַ גרויסע ראָליע אין היגען אידישען טעאַטער. דימאָוו האָט געבראַכט זיינע נאַציאָנאַל־בענקשאַפטליכע דראַמעס, וואָס האָבען אין זיך געהאַט: אי דראַמע, אי ספּעקטאַקעל; אי לירישען טאָן, און אי אַזויפיל טעאַטראַלישקייט; טראַגיק און אויך — הומאָר; רעאַליזם און דערביי אויך אַ צאַרטען הויך פון סימבאָליק...

ווער געדענקט עס ניט זיין: „אייביגען וואַנדערער”, זיין „שקלאַפען פון פאָלק”, זיין „שמע ישראל”, „אַ וועלט אין פלאַמען”, „יאַשקע מוזיקאַנט”, און נאָך, און נאָך, דראַמען און פּיעסען?

דערזעהסטו דימאָוו׳ן, דערמאָנסטו זיך אויך אָן זיין פּרעכטיגען „בראָנקס עקספּרעס” — איינע פון די פיינסטע קאָמעדיעס — פון היינט צייטיגקייט, גרויסשטאָטיגקייט, נויאָרקישעס — וואָס איז אויפגעפירט געוואָרען אין אידישען טעאַטער.

דערזעהסטו דימאָוו׳ן — באַנעמסטו דעם ריס וואָס איז געווען אין דעם האַרץ פון אידישען אינטעליגענט, אין דעם האַרץ פון אָבגעפרעמדעטען אידישען קינסטלער, וואָס האָט געוואוינען גרויס אָנזען ביי זיי — און האָט דאָך טיף אין זיין האַרץ געבענקט „צוריק צו זיין פאָלק”. דימאָוו איז אַ ביישפּיל ניט נאָר פאַר זיך, נאָר פאַר אַ סך אַנדערע...

זיינען מיר ביידע געזעסען ביי אַ קאַפע־טישעל און געשמועסט.

און מיט דימאָוו׳ן איז זעהר גוט און אָנגענעהם צו שמועסען. ער איז אַ מין סאַלאָן־שמועסער... ער האָט הומאָר, בליצען, שאַרפע איינפאַלען. אויסער דעם האָט ער טאַקע וואָס צו דערצעהלען.

איך האָב געפרעגט ביי איהם:

— וואָס איז געווען די דירעקטע אורזאַך, וואָס האָט אייך צוריקגעבראַכט צו דער אידישער פרעסע, צו דעם אידישען טעאַטער, און אויך צו אידיש?

דימאָוו האָט עטוואָס אָנגעבויגען זיין קאָפּ, ווי ער טוט דאָס אָפט ביים אַ טראַכט־טאָן, און געזאָגט:

— צוריקגעבראַכט — אויב איהר ווילט דוקא נוצען ס׳וואָרט „צוריקגעבראַכט” — האָט מיך זשאַבאָטינסקי און — ביאַליסטאָק...

און דימאָוו האָט זיך אויספּירליכער צורעדט וועגן דעם:

— אָ, וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי האָט פּיל געטאָן אין „נאַציאָנאַ־ליזירען" די אידישע אינטעליגענץ אין רוסלאַנד מיט א יאָהר 35 צוריק.

— נאָך אין יאָהר 1905, — זאָגט דימאָוו, — האָט זשאַבאָטינסקי אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— הער נאַר, זון און קינד פון ביאַליסטאָק! קונסט איז זיך טאָקע אַ גאַנץ שעהנע זאַך. רוסיש — אויך. אָבער וואָס וועסטו געבען דיין אייגענעם פאָלק? . . . ווער וועט שרייבען פאַר די „ביאַליסטאָקער"? ווער — אויב ניט דו — מיר וועלען אויסשרייען אונזער נאַציאָנאַלען פּראָטעסט, צאָרען און אויסוועבען אונזער נאַציאָנאַלע האָפנונג, מוזטו זיך נעהמען צו אידיש־נאַציאָנאַלער טעמאַטיק, מוזט ווערען — אונזערער! . . .

זשאַבאָטינסקי האָט מיט זיינע רייד ניט געמיינט „שפּראַך" — נאָר ווי געזאָגט — טעמאַטיק. ער האָט גערופען צו נעהמען טראַכטען ווי אַ איד, באַנעהמענדיג די אידישע טראַגעדיע.

ווען ס'האָבען אויסגעבראָכען די פּאָגראָמען אין יענע יאָהרען, איז זשאַבאָטינסקי געוואָרען — פול מיט צאָרנדיקען פייער; אַ טיפער שמערץ — האָט זיך צוברענט אין זיין האַרץ. ער האָט אַ זאָג געטאָן צום באַריהמטען רוסישען שרייבער־קריטיקער טשוקאָווסקי'ן:

— דו — רוס, און איך — אַ איד. דיינע האָבען געשלאָגען מיינע. דיינע האָבען געטויט מיינע, ערמאָרדעט, געשענדעט. איך וויל דעריי־בער מעהר מיט דיר ניט ריידען, צוליב „דיינע" . . . גריס מיר מעהר ניט, אויס! אויס! איך — איד, דו — רוס . . .

און אָט אַזוי, — זאָגט דימאָוו, — האָט וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי מיך און אַנדערע גענומען אָוועקרייסען פון ריין־רוסישקייט, פון קונסט לשם קונסט, פון פּרעמדקייט, און גענומען מאַגנען ביי אונז אידיש־נאַציאָנאַלען טאָן.

דאָס איז זיך איינס, און נומער צוויי: ביאַליסטאָק. יאָ, — זאָגט דימאָוו — מיין טיפע זכרונ'דיגע פאַרבינדונג מיט ביאַליסטאָק האָט מיך געצופּט, שטילערהייט געמאָנט . . . די ביאַליסטאָקער אידישע געסלעך האָבן ניט אויפגעהערט צו שווינדלען פאַר מיינע אויגן אויך דאַן, ווען איך האָב אין די פּעטערבורגער רוסישע ליטעראַרישע

קרייזן געהאַט אזא גרויסן דערפאָלג און געוואונען פרייזן פאַר דראַמע, פאַר ערציילונגען. און אָט האָט זשאַבאָטינסקי, פּלוס ביאַ־ליסטאָק, מיך צוריקגענומען צו דער אידישער מאסע, צום אידישן טעאטער, און צו אידיש. ביסלעכווייז האָב איך זיך אויסגעלערנט צו שרייבן אויף דער אידישער שפראך, וואָס פריהער האָב איך עס ניט געקענט, און מען האָט מיינע זאכען געדראַפּט איבערזעצן פון רוסיש... און — אָט אזוי קומענדיג צוריק קיין „ביאליסטאָק" (איך מיין קומען צוריק: אין געדאנק! . . . ) האָב איך אויך אָנגעשריבען מיינע „זכרונות" האָבען זיך געדרוקט אין 1942 אין „פאָרווערטס".

איך האָב ארייגעוואָרפן:

— גוטע „זכרונות". זייער, זייער אינטערעסאנט און גוט גע־שריבן.

דימאָוו האָט א שמייכעל געטאָן:

— אזוי זאָגט מען מיר . . .

דימאָוו רעדט און דערצעהלט פון די אַמאָליגע טעג. ער דער־מאָנט נעמען פון בארימטע רוסישע שריפטשטעלער מיט וועלכע ער איז אזוי נאָענט געווען. איך וואַרף אריין א פראַגע:

— האָט די שיינע ליטעראטור, דאָס שיינע וואָרט, עפּעס אויפגע־טאָן?

דימאָוו ענטפערט:

— אויפגעטאָן? איר מיינט: אויפגעטאָן פאַר'ן מענטשען?... עה, ליבער פריינד, דאָס איז א גאנץ שווערלעכער ענין. ניט רעליגיע, ניט מאָראַל, ניט שטאַאַט, האָבען אויפגעטאָן, וואָס זיי האָבען געהאָפּט און געוואָלט אויפטאָן. יאָ, מען טוט אויף, נאָר פאַמעלעך, זייער־זייער לאנגזאם. אזוי אויך די ליטעראטור. מען טוט אויף עטוואָס פאַר דער אויסבעסערונג פון דעם מענטשן, נאָר זייער לאנגזאם. זעט איר — האָט דימאָוו געענדערט זיין טאָן — איין זאך האָב איך יע איינגעזען: דער שרייבער דאַרף זען דירעקט צו ריידן צום פאָלק. „פּליטערלעך" טויגן ניט. זיין דאַרף מען אַזוי ווי, גאָרקי, צום ביישפּיל — דירעקט, פאָלקיש, נאַטירלעך.

דימאָוו דערמאָנט זיך אָן די גוטע טעג וואָס ער האָט פאַרבראַכט אַמאָל אין דייטשלאנד. ער דערמאָנט זיך אָן דער צייט, יאָר 1911,

ווען מאקס ריינהארדט האָט אויפגעפירט זיין „ניו" (אניוטא). ער בלייבט א ווילע שטיל. דערנאָך זאָגט ער:

— יאָ, די נאַציס! עס שטעקט ערגעץ טיף אין דייטשנטום. דאָך וועט דאָס שענערע אַלץ גובר זיין. היטלעריזם וועט מוזן פּלאַצן. דער מענטש, קען ניט בלייבן אין באַרבאַרישקייט, וואָרים אויב דער מענטש וואָלט יאָ געקענט בלייבן א באַרבאַר, וואָלט ער דאָך פון דער אַמאָליגער באַרבאַרישקייט גאָרניט אַוועק . . . טרעפט אַז דער „באַרבאַר", באַווייזט זיך ווידער, אָבער ניט אויף לאַנג. אזוי לערענט אונז די געשיכטע, און אזוי לערענט אונז דער מענטש. יאָ, דער מענטש — האָט דימאָוו איבערגע׳חזר׳ט, דערביי האָט ער (כאָטש מיר האָבן גערעדט אין אידיש) צו זיך אליין שאַרף אַרויסגעזאָגט דאָס רוסישע וואָרט פאַר מענטש — „טשעלאָוועק", „טשעלאָוועק"...

און איך האָב אין זיין „טשעלאָוועק" דערפילט א סך צער, כאָטש דימאָוו האָט מיך אזוי האָפנונגספול געוואָלט מאכען . . .

דאָך זיין אָפּטימיסטישער קוק געפעלט מיר, אזוי קוק איך אויך. אזוי וועט זיין! אזוי מוז זיין!

דימאָוו זאָגט:

— איר ווייסט, איך האָב דאָך אין די יאָרן וואָס איך בין גע־ווען פאַרבונדען מיט׳ן „טאָג" דאָרט אָפּגעדרוקט אַרום 14 הונדערט דערציילונגען! איין בוך „שטאָט־משוגעים" האָב איך אַרויסגעגעבען, ווען ס׳איז דאָ א פאַרלאַג וואָלט איך געקענט מאכען אַן אָפּקלייב פון א סך אַנדערע דערציילונגען. איך האָב דאָרט געהאַט אייניגע גוטע זאכעלעך. אזוי דאַכט זיך מיר.

איך ווענד זיך צו דימאָוו׳ן:

— זאָגט מיר, פאַרוואָס איז דער אידישער טעאַטער איצט אַריינגעפאַלן אין אזא שלעכטן צושטאַנד? איז טאַקע ניטאַ ביי אונז מער קיין פּלאַץ פאַר א בעסערן טעאַטער, פאַר א קונסט־טעאַטער?

אויף דעם האָט דימאָוו מיר געענטפערט:

— איך האַלט אַז פאַר א קליינעם קונסט־טעאַטער איז זיכער דאָ פּלאַץ, אָבער ניט פאַר א גרויסען, ווי שוואַרץ האָט געוואָלט. די „גרויסקייט" האָט שוואַרץ׳ן געפירט צו קאָסטבאַרע ספּעקטאַקלען, צו געלט־פאַרלוסטן און אויך צו „קונסט־פאַרלוסטן". אָבער פאַר א

קליינעם קונסט־טעאַטער איז דאָ פּלאַץ און אַזאַ טעאַטער מוז גע־שאַפֿן ווערן.

און דימאָוו האָט צוגעגעבן צו דעם נאָך אַ פּאָר פּאַראַגראַפֿן:

— און קונסט קען זען ניט נאָר אַ אינטעליגענט, אויך פּשוט'ע מענטשען האָבען ליב צו זען אַ שטילע, איידעלע לעבענס־זאַך, אויב דאָס איז נאָר עכט, מענטשלעך, לעבעדיג. אַ קליינער קונסט־טעאַטער וואָלט זיך אויך גוט באַצאָלט.

מיר זיינען אַ ווײַלע אַוועק פֿון די קונסט און ליטעראַטור־פֿראַגען און האָבן זיך צורעדט וועגן דער איצטיגער צייט, וועגן קריג, וועגן דעם נאַצישען מאַרש אין סאָוועט־רוסלאַנד.

— איך פֿיבער איצט — האָט דימאָוו געזאָגט — מיט דער רו־סישער טראַגעדיע. אָ, זיי קעמפֿן העלדיש. אָבער, איר זעט דאָך! ס'איז שלעכט! חורבן און פֿייער, שטעט און דערפֿער, און מענשען ווערן אָפּגעווישט און אָפּגעמעקט . . . אָבער, היטלער וועט ניט זיגען! ער און די נאַציס וועלן טייער באַצאָלען.

— און מיר אידען? — האָט דימאָוו ווייטער פֿיבעריש גערעדט — מיר אידען מוזען אַלע גאַרען לעכצען, בעטען אויף אַ רוסישען זיעג! אָן רוסישען אידענטום — וועט קיין אידיש פֿאָלק ניט זיין. אַזוי דאַכט זיך מיר — האָט דימאָוו געזאָגט. גוט, וואָס די אידישע פּרעסע האָט אַזוי גוט און טיף באַנומען די גאַנצע לאַגע. אונזער קריטיק געגען סטאַליניזם און געגען די היגע קאָמוניסטען האָט גאָרניט צו טאָן מיט אונזער האַפֿנונג אויף אַ היטלער־מפּלה אויף דער רוסישער ערד. מיר — אידען פֿאַרשטעהען און באַנעמען אַ לאַגע, אין אַלגעמיין, זייער גוט און שנעל, און ריכטיק. אַזאַ פֿאַרע־טער ווי דער רוס סורגוטשאָוו — צום ביישפּיל, קען ביי אונז ניט זיין.

— ווער איז דער סורגוטשאָוו?

און דימאָוו האָט מיר געענטפֿערט:

אַ רוס, אַ שרייבער, אַ מענטש — ניט אָן טאַלאַנט. ער וואוינט אין פּאַריז. האָט ער אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקעל אין דעם רוסישען שוואַרץ־מאה'דיקען בלאַט, וואָס גייט איצט אַרויס אין בערלין, און הייסט „רוסקאָיע סלאָוואָ" אַז — דער מאַרש פֿון די נאַציס געגען

באַלשעוויזם איז אזוי ווי א דערלייזונג געשיקט פֿון יעזוס׳ן! אַט, א הינטישע פּעל! — האָט דימאָוו אויסגעשריען. ניין! ביי אונז, ביי אידען, קען נִיט געמאָלט זיין אזא פּאַרטעטער.

איך האָב צום לעצט א פֿרעג געטאָן ביי דימאָוו׳ן:

— און וואָס דיינקט איר וועגען אייערע ביאַליסטאָקער לאנדס־לייט? . . .

ער האָט מיט א שמייכעל געענטפֿערט:

— ס׳איז א זעלטן פֿאָלק! אָט די ביאַליסטאָקער באַגייסטערן מיך! איך זע ביי זיי מער לאנדסמאנשאַפֿט־טריישאַפֿט ווי ביי די אנדערע איינגעוואנדערטע ברידער־אידען, פֿון אנדערע שטעט. די ביאַליסטאָקער ווייזען אַרויס אַזאַ פּאַרוואַרצלטקייט, אַזאַ אחריות. אַ פֿיין פֿאָלק די ביאַליסטאָקער!

מיר האָבען זיך צעשיידט.

יאָ, ס׳איז גוט צו פֿארברייננגען מיט דימאָוו׳ן — דעם פֿיינעם שריפֿטשטעלער און אינטערעסאנטען מענטשען וואָס טראָגט אזא ליבשאפֿט צו דער שטאָט פֿון זיין קינדהייט, און צו זיינע שטאָט־ברידער.

אָסיפּ דימאָוו, וואָס טראָגט מיט זיך אָטעם פֿון א מערקווירדיקער ליטערארישער עפּאָכע; דימאָוו, וואָס האלט זיך נאָך אלץ אין איין רייסן פֿון דער פֿרעמד — צו אונזער היימישקייט — צו ביאַליסטאָק, צו דעם שמאָלן געסל, צווישן אָרעם און רייך, וואו ער איז געבוירען געוואָרען . . .

# די עקזעקוציע

דער דאָזיגער טיפּ, אַ טיפּ פון אַ וואַנדערענדען האַרשניידער — איז שוין לאַנג, לאַנג פאַרשוואונדען. אָבער איך געדענק איהם גוט — ווייל ער האָט געמאַכט אויף מיר אַ געוואַלדיגען איינדרוק — אויף מיר, וועלכער איז דעמאָלט געווען ניט מעהר ווי פיער אָדער פינף יאָהר אַלט.

אַ הויכער, אַ דאַרער מיט אַ ווילדער באָרד און אַ בעלמע אויף אַן אויג — אַ סטראַשידלע, אַ מאָנסטער, וואָס האָט געקאָנט אָפּשרעקן ניט נאָר אונז, די קינדער, נאָר די דערוואַקסענע אויך. ער האָט זיך באַוויזען אויף דעם הויף, וואוהין מיר האָבען זיך געשפּילט. מיט איינמאָל איז עס געוואָרען רוהיג. מיר האָבען געקוקט אויף דעם אומבאַקאַנטען איד און זיך געוואונדערט: וואָס אַזוינס וויל ער? וואָס אַזוינס באַהאַלט ער אין זיין זאַק, וועלכען ער טראָגט אויף זיינע פּלייצעס? פאַרוואָס קוקט ער אַזוי אויף אונז מיט זיין בלינד אויג? מיין קליין האַרץ האָט אָנגעפאַנגען צו שלאָגען גיכער. מיט דעם אינ־סטינקט פון אַ קינד, אָדער אַ קליין חיה׳לע, האָב איך געפיהלט אַז אָט באַלד וועט עפּעס פאָרקומען—אַן אומגליק—אַ קאַטאַסטראָפע—אַן ענד צום לעבען איז געקומען . . . איך האָב געוואָלט אַוועקלויפען — גע־בליבען אָבער שטעהן אויף אַן אָרט ווי פאַרהיפּנאָטיזירט . . . נאָך היינט דערפיל איך אַ מין ציטערניש ווען איך דערמאָן זיך אָן דעם דאָ־זיגען מאָמענט.

דער איד האָט אַרונטערגענומען דעם שווערען היפּנאָטישען בליק פון מיר און איז אַריין אין אונזער הויז.

אינוועניג אין זיין זאַק האָט עפּעס אַ ליאַשטש געטאָן מיט אַ מע־טאַלענעם קלינג . . .

— מען וועט שניידען האָר, — האָט אויסגערעדט שימעלע, דעם בלעכער׳ס זון, וואָס איז געווען איינער אַ מיטגליד פון אונזער באַנדע.

— . . . שניידען! — איז ווי אַ בליץ דורכגעגאַנגען אין מיין קאָפּ — און ניט וואַרטענדיג קיין איין סעקונדע, האָב איך גענומען

לויפֿען און זיך באַהאַלטען הינטער דעם „סאַזשען" — דאָס הייסט הינטער דאָס האָלץ וואָס איז געווען געקויפט מיט אַ פּאָר טעג צוריק, און נאָר געוואָרט אויף „דראָוואָסיעקען", האָלצהאַקערס . . . טאַקע פֿון דאָרט אויס, פֿון דעם דאָזיגען זיכערסטען אָרט אויף דער וועלט, האָב איך געזעהן די שרעקליכע, די אומפֿאַרגעסליכע סצענע פֿון האָר־שניידן — די ערשטע עקזעקוציע אין מיין לעבען.

ניט צו זעהן, ניט זיך צוקוקען האָב איך ניט געקאָנט. — אַ העכערע, אַ פּיל שטאַרקערע מאַכט ווי מיין אייגען ווילען האָט קאָ־מאַנדירט און באַפוילען:

— קוק זיך צו! — דרעה ניט אַוועק דיין קאָפּ!

און איך האָב געפֿאָלגט — כאָטש איך האָב געוואוסט אַז איך קאָן ענטדעקט ווערען און אויך געפירט ווערען צו דער תליה.

מיין מאַמע, מיין ליבע, גוטע, האַרציגע מאַמע, האָט מיט איהרע אייגענע הענט אַרויסגעטראָגען אויף דעם הויף אַ ווייסען ליילאַך און דער איד, דער סטראַשידלע, האָט אַרויסגעטראָגען אַ שטוהל און באַ־דעקט מיט דעם ליילאַך. דערנאָך האָט ער גענומען אויסצופּאַקען זיין זאַק — דעם גרויסען שמוציגען זאַק, און אַרויסגעשלעפּט פֿון דאָרט אַ שער, אַ קעמעלע, אַ מעסער און נאָך עפּעס וואָס האָט אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד אויף מיר. דאָס איז געווען אַ גרויסע פֿלאַש אָנגעפּילט מיט וואַסער און אין דעם וואַסער האָבען אַרומגעשווימט שוואַרצע גליטשיקע פּישעלאַך.

— פּיאַווקעס! — האָט אויסגעשריען מיין ברודער, און איז גע־וואָרען בלאַס.

איך האָב ניט געוואוסט וואָס עס מיינט, נאָר דער קלאַנג פֿון דעם וואָרט אַליין איז שוין געווען שרעקלאַך . . .

— אַנו, קום נאָר אַהער! — האָט געזאָגט דער איד, אָנגעכאַפּט מיין ברודער פֿאַר דער האַנט און צוגעשלעפּט צום שטוהל.

און ווי מיין אָרימער ברודער האָט ניט געצאַפּלט, ווי ער האָט זיך ניט געריסן, געקלאָגט און געוויינט, און געבריקעוועט מיט די פיס — קיין זאַך האָט איהם ניט געהאָלפֿען: דער סטראַשידלע האָט פֿאַרט אָפּגעשניטען זיינע לאַנגע קאָלטאָוואַטע האָר. די גרויסע שער האָט

געזוויאַקעוועט, דאָס קעמעלע האָט געהאַלטען אין איין אַרונטערפאַלען אָבער די עקזעקוציע איז פאָרט געווען דורכגעפיהרט ביז צום סוף.

— און איצט קומען די פיאָוועקעס! — האָב איך געטראַכט און צוגע־מאַכט די אויגען פון שרעק.

אָבער די שרעקלאַכע פלאַש מיט שוואַרצע גליטשיקע פישלאַך איז געבליבען שטעהן ביי דער זייט. קיינע פיאָוועקעס.

מיין ברודער איז אַרונטערגעקומען — אָדער בעסער געזאָגט — אַרונטערגעפאַלען פון שטוהל — גאָר אַן אַנדער מענשעל — אַן אינגעל מיט אַ קיילעכדיג קאָפּ, מיט רויטע פאַרוויינטע אויגען, מיט גרויסע אויערען, וועלכע זיינען אָפּגעשטאַנען פוןביידע זייטען פון דעם קאָפּ. איך האָב פריהער גאָרנישט געוואוסט, אַז מיין ברודער האָט אַזעלכע גרויסע מאָדנע אויערען. און די אָפּגעשאָרענע קאָפּ אַליין האָט אויסגעזעהן ווי אַ מין גלאָבוס מיט לאַנדשאַפטען — בערג און טייכען — אַ מיניאַטור פון אַ לבנה לאַנדשאַפט . . .

— וואו איז אָסיפ? — האָב איך דערהערט מיין נאָמען, און זיך באַהאַלטען נאָך טיפער הינטער דעם „סאָזשען”.

— אָ־סיפּ — אָ־אָסיפּקע! — האָט געררופען מיין מאַמע.

איך בין געווען שטיל ווי אַ מויז, און פאַרגעסען צו אָטעמען.

— מן הסתם אויף דעם בוידים — האָט געזאָגט די דינסט, און אַוועקגעלאָפען מיך צו זוכען.

שימעלע׳ס טאַטע, דער בלעכער, האָט זיך אויך באַוויזען אויף דעם הויף. איך האָב דערקאַנט זיין פיסקליאַווען קול מיט וועלכען ער האָט אַ פרעג געטאָן דעם איד, דעם סטראַשידלע:

— וויפיל קאָסט דאָס אָפּשניידען די האָר?

— אַ פיאַטאַק (פינף קאָפּיקעס), — האָט געענטפערט דער פאַריק־מאַכער.

— פאַר אַזאַ אינגעל אַ פיאַטאַק, — האָט פּראָטעסטירט דער בלעכער: — ער האָט דאָך גאָר אַ קליין קעפּעלע. קוקט זיך צו: אַן עפּעל, ניט קיין קאָפּ.

— ער האָט שוין יאָ אַ קאָפּ, — האָט געענטפערט דער איד: — ניט ערגער ווי אַנדערע קעפּ.

— פּיער קאַפּיקעס און זאָל זיין אַן עק און אַ סוף, — —האָט זיך אָפּגערופן די פּיסקליאַווע שטימע: שימעלע אַהער גיה, קריך אַרויף אויף דעם שטוהל.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די געפאַהר פאַר מיר איז דערווייל פאַר־שוואונדען, און גענומען צוקוקן דורך די שפּאַלטען צווישען די פּאַליענעס פון האָלץ.

דאָס וואָס איך האָב איצט דערזעהן, האָט געמאַכט אויף מיר אַ מעהר שטאַרקען און מעהר טיפען איינדרוק ווי די אַלע שרעקענישען וואָס האָבען באַפאַלען מיין נשמה פריהער. דאָס מאָל איז דער איינ־דרוק אָבער געווען ניט שרעק נאָר פרייד. עס איז געווען באַוואונדע־רונג, באַגייסטערונג . . .

איך האָב געטראַכט, אַז מיין גוטער, האַרציגער פריינד שימעלע, דער אומפאַרמיידליכער באַגלייטער פון מיין יונג לעבען, וועט אויך פּראָטעסטירען און בעטען, שרייען, קוויטשען, בריקעווען מיט די פיס, ווי דאָס האָט געטאָן מיין איצט שוין אָפּגעשאָרענער עלטערער ברודער. ניין! שימעלע האָט זיך געהאַלטען גאָר אַנדערש. מען האָט איהם ניט באַדאַרפט כאַפּען פאַר דער האַנט און שלעפּען. ער האָט צוגע־ביסען זיינע ווייסע ציין, פעסט צוגעדריקט די אַביסעלע נעגערישע ליפען און צוהאַלטענדיג די הייזעלאַך מיט איין האַנט, וועלכע האָט אַ קאַפּעטשקע יאָ געציטערט, איז ער מיט פעסטע טריט צוגעגאַנגען צו דער תליה — צו דעם שטוהל, הייסט עס. דער סטראַשידלע האָט איהם אונטערגעכאַפּט, אַנידערגעזעצט, און די שער, די שוידערלעכע, די פאַרזשאַווערטע שער — האָט אָנגעפאַנגען צו זוויאָקען און צו קוויטשען איבער שימעלע'ס אָרים קאָפּ, וואָס זיין טאַטע האָט געהאַלטען, אַז זי איז ווערטה ווינציגער ווי פינף קאָפּיקעס.

די שער האָט יאָ געקוויטשעט — אָבער ניט שימעלע. קיין איין וואָרט, קיין איין געשריי, קיין איין טרער האָט ער ניט פאַרלאָרען, דאָס איז געווען וואונדערלאַך. אַ מאַרטירער, אַ העלד! די גרויסע, שוואַרצע אויגען זיינען געוואָרען נאָך גרעסער, די נעגערישע ליפען נאָך מעהר פאַרביסען —אָבער שרייען, קלאָגען, בעטען רחמנות — אָ, ניין! ניט ער, ניט שימעלע.

אַ נייער שטראָם פֿון געפֿיהלען און געדאַנקען איז אַריינגעדרונ־גען אין מיין האַרץ. אין דעם מאָמענט האָב איך פלוצים באַגריפען, כאָטש פאַרשטעהט זיך, זעהר אומקלאָר, אַז אין מענשען׳ס האַרץ צו־זאַמען מיט דעם געפיל פֿון שרעק לעבט אויך דאָס געפיל פון זעלבסט־שטאָלץ און זעלבסט־אַכטונג.

דאָס איז געווען דאָס שטאַרקסטע און דאָס שענסטע וואָס איך האָב געלערענט אין דעם דאָזיגען שרעקליכסטען טאָג פון מיין לעבען.

* * *

עס זיינען פאַרגאַנגען יאָהרען. עס זיינען אָנגעקומען די אומ־רוהיגע בלוטיגע טעג פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע — דאָס יאָהר 1905. דערנאָך האָט דער מיניסטער סטאָליפּין, דער תלין, באַ־פלאַנצט גאַנץ רוסלאַנד מיט תליות. די רעגירונג האָט אָנגעפאַנגען נקמה נעמען. אַ סך יונגע לייט האָבען באַצאָהלט מיט דעם לעבען פאַר זייער אַנטייל נעמען אין דער באַוועגונג. צווישען זיי זיינען אויך געווען ניט ווייניג אידען . . . מען האָט מיר דערצעהלט פון אַ געוויסען „טאָוואַרישטש סעמיאָן" וואָס איז געפאַלען אַ קרבן.

— ס׳איז אייער אַ לאַנדסמאַן — האָט מען מיר געזאָגט, פון ביאַליסטאָק. ביז דער לעצטער מינוט האָט ער זיך געהאַלטען ווי אַ העלד. געשמייכעלט דעם תלין אין פנים אַריין. אַפילו די זשאַנ־דאַרמעס האָבען זיך געוואונדערט און אָנגעקוקט איהם מיט רעספעקט און כבוד. אַזוי שטאָלץ געהן צו דער עקזעקוציע ווי אייער לאַנדסמאַן דאָס האָט געטאָן, איז אַ וואונדער.

„טאָוואַרישטש סעמיאָן" איז געווען דער אַלטער פריינד פון מיין ווייטער יוגענט — שימעלע, דעם בלעכער׳ס אַ זוהן.

די זשאַנדאַרמעס האָבען זיך געקאָנט וואונדערען, אָנקוקענדיג דעם העלד, דעם מאַרטירער. אָבער איך ניט. איך האָב דאָך גע־וואוסט אַז דער רעוואָלוציאָנערער „טאָוואַרישטש סעמיאָן" האָט שוין אַמאָל דורכגעמאַכט אַן עקזעקוציע, אַזוי צו זאָגען, אַ פּראָבע, פון אַ טויט־שטראָף און די צווייטע, אמת׳ע עקזעקוציע, איז שוין ניט געווען אַ נאָווינע פאַר איהם . . .

# דעם זייגערמאַכער'ס טאָכטער

האָט איהר געזעהן אַמאָל אין וואַלד אַ קליין בלימעל, בלוי אָדער ווייס, וואָס בליהט ווייט פֿון אַ מענשליך אויג צווישען גראָזען און בלעטער, גאָר אַליין, פֿאַר זיך אַליין, באַשיידען און אין דער זעלבער צייט גרויס אין איהר שעהנער אומשולדיגקייט? אָפּגעשניטען פֿון דער אַרומיגער וועלט, פֿיהרענדיג אַ לעבען פֿאַר זיך אַליין, פֿאַרטיפֿט אין איהר אייגענער עקזיסטענץ. דאָס בלימעל פֿאָלגט דעם געזעץ וואָס פֿאַראורזאַכט איהר אָנקומען אויף דער וועלט און וואָס פֿיהרט איהר צום איינזאַמען גוצלאָזען טויט. צו וואָס בליהט עס? וועמענס אויג וועלען פֿרייען איהרע פֿאַרבען? ווער וועט איינאָטעמען איהר אַראָ־מאָט, די נשמה פֿון איהר קיום? מעגליך, אַז קיינער ניט. אָבער עס בליהט פֿאָרט. דאָס בלימעל ווייס: זי מוז בליהען. דאָס איז איהר שיקזאַל און דער ציל און צוועק פֿון איהר קורץ ערדיש לעבען: בליהען.

* * *

איך האָב געטראָפֿען אַזאַ בלימעל. אָבער ניט אין וואַלד. אין דער שטאָדט צוריך איז דאָס געוועזן, די גרויסע אוניווערסיטעט שטאָדט פֿון דער שווייצאַרישער רעפּובליק — דער אַמאָליגער טרוים פֿון דעם אידיש־רוסישען אַוואַנגאַרד — די מעקאַ, דאָס הייליגע אָרט, וואוהין עס זיינען געלאָפֿען אין די הונדערטער און טויזענטער, די אידישע קינדער, בחורים און מיידלאַך, צו לערנען זיך, צו שטודירען, צו גע־פֿינען אַ גייסטיגע היים, אַ מעגליכקייט אָנצושליסען זיך אין דער וויסענשאַפֿט וואָס איז געוועזן פֿאַרבאָטען פֿאַר זיי אין זייער שטיפֿ־מוטער־לאַנד — רוסלאַנד.

די אוניווערזיטעטען פֿון דער פֿרייער שווייץ, אין בערן, לאָזאַן, זשענעווע, צוריך, האָבען ניט געמאַכט קיין אונטערשיד פֿון קריסט און איד. ניט געפֿרעגט צי דו געהסט יאָ אָדער ניט אין אַ קירך, אָדער אין אַ שוהל. זייערע טירען זיינען געווען אָפֿען פֿאַר יעדען איינעם, זייערע ביכער האָבען געוואַרט אויף צו געלייענט ווערען, זייערע לאַבאָראַטאָריעס באַנוצט צו זיין. זייערע פּראָפֿעסאָרען און

לעהרער האָבען ניט פאַרטריבען פון זיך די יונגוואַרג, נאָר פאַר־קעהרט: געווען צופרידען ווען ביי זייערע פיס זיינען געזעסען וואָס מעהר און צו זייערע ווערטער האָבען זיך צוגעהערט געסט פון אַלע עקען פון דער וועלט — — — און ווי שיין איז געווען אַלצדינג אַרום די אָנגעקומענע געסט. די רוהיגע, ריינע שטאָדט, אַלט ווי די היסטאָ־ריע, די הויכע בערג, די גרינע פעלדער, די געזונטע פרישע לופט! אַ מעהר פּאַסיגען, אַ מעהר אידעאַלען פּלאַץ צו לערנען זיך, צו פאַר־ברייגגען דיינע יונגע טעג, איז גאָר אויף דער וועלט ניט געווען.

איך בין שוין געווען אַן אויסשטודירטער אין פּעטערבורג — מיין יונג ווייב וואָס איך האָב פאַרלאָרען שפּעטער — איז נאָך געווען אַ סטודענטקע פון מעדיצין. ווינטער האָב איך באַדאַרפט לעבען אין פּעטערבורג, שרייבען אין די צייטונגען, אַרבייטען אין די טעאַטערס. אין אָנפאַנג זומער פלעג איך שוין האָבען די מעגליכקייט צו קומען קיין צוריך. אַזוי עטליכע זומער־סעזאָנען כסדר. איך בין געווען פריי. אין צוריך האָט מען געאַרבייט שווער, זיך פאַרבאַרייט צו די זומער־עקזאַמענס.

צווישען די יונגע סטודענטען און סטודענטקעס, די קינדער פון דער רוסישער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" איז אויך געווען סאָניאַ מאַלקעס. אַ קליינע, אַ שטילינקע, מיט שוואַרצע האָר און גרויסע בלויע אויגען, פלעגט זי אָפּטמאָל קומען צו אונז. איהר טאַטע איז געווען אַ זייגערמאַכער פון אַ קליין שטעדטעל ניט ווייט פון ווילנע. קיין מאַמע האָט זי ניט געהאַט. דער פאָטער איז געזעסען אין דער „טשערטאַ", געקוקט מיט איין אויג אויף די זייגערס, וואָס פון צייט צו צייט פלעגען זיי — דאַנקען גאָט! — קאַליע ווערען, און די טאָכ־טער האָט זיך געלערענט אין צוריך „אויף דאָקטאָר", און געלערענט זיך אויף דעם געלט וואָס דער אַלטער זייגערמאַכער האָט אויסגע־שלאָגען פון די אויך ניט יונגע זייגערס פון זיינע קונים. איינער האָט געדאָקטערט אַ מעכאַניזם, די צווייטע וועט דאָקטאָרען מענשען, וועט ראַטעווען קינדער פון דיפטעריע און פּאָקען. וועט געבען עצות צו פרויען — וואָס צו טאָן אין אַזאַ פאַל און ווי צו האַלטען זיך אין אַזאַ. און ניט גלאָט קינדער און פרויען — וואָס וועלען אפשר יאָ קומען צו איהר און אפשר ניט. ניין, איהרע פּאַציענטען האָבען שוין גע־

וואָרט אויף איהר — טאַקע אין דעם זעלבען שטעדטעל, וואו דער טאַטע פון דער „פרוי דאָקטאָר" איז געווען דער זייגערמאַכער. אַט די ווייבער און טעכטער פון די מענער, וואָס קומען צום זייגערמאַכער מיט זייערע ניט־יונגע זייגערס, וועלען קומען — ווי באַלד נאָר וואָס — צו דער טאָכטער.

דאָס איז געווען דער חלום, דער ציל פון סאָניאַ'ס לערנען זיך און טאַקע לערנען זיך אַזוי גוט, אַזוי פלייסיג, און מיט אַזאַ געדולד און כוח, ווי זי האָט דאָס געטאָן. צו פאַרענדיגען דעם אוניווערסיטעט וואָס גיכער, צי באַקומען דעם דיפלאָם שוין דעם זומער און ניט פאַר־לירען קיין צייט, ווייל דער טאַטע איז אַלט, ווייל זיינע אויגען ווערען שוואַכער און אַ זייגערמאַכער מיט שוואַכע אויגען איז דאָס זעלבע וואָס אַ חזן אָהן אַ שטימע. לערנען! שטודירען! די קינדער אין דעם שטעדטעל, אין סאָניאַ'ס שטעדטעל שטאַרבען פון דיפטעריע און ווע־לען נאָך שטאַרבען, ביז וואַנען זי וועט קומען און אָנווענדען די נייע, די נייעסטע מעטאָדע וואָס די צוריכער גרויסע פּראָפעסאָרען לערנען דאָס זייערע תלמידים. און די ווייבער, אַלטע און יונגע, וואַרטען דאָך אויך. מאַנכע וועלען קאָנען צאָהלען, מאַנכע ניט — נו, איז וואָס? יעדען צווייטען טאָג פון פיר ביז זעקס וועט איהר „קאַבינעט" זיין אָפען פאַר די וואָס קאָנען ניט צאָהלען — — — איז מוז מען דאָך אַרבייטען, שטודירען, לייענען ביכער און נאָך ביכער און לויפען פון איין אַדיטאָריום אין צווייטען, פון איין לאַבאָראַטאָריע אין אַ צווייטער; איז דען דאָ צייט פאַר עסען, פאַר שלאָפען, פאַר אויסרוהען זיך, פאַר פאַרברייגען אַ פרייע שעה מיט די חברים און חבר'טעס — „קאָלעגען" און „קאָלעזשאַנקעס", ווי מען האָט דאָס דעמאָלט גערעדט אין צוריך.

דעם ערשטען עקזאַמען אויף אַנאַטאָמיע האָט סאָניאַ אָפּגעגעבען גלענצענד. דער פּראָפעסאָר, אַ וועלט באַריהמטער, אַ פאַרפאַסער פון אַ בוך, געקרוינט מיט אָנערקענונג, האָט מעהר ווי אַ האַלבע שעה פאַרבראַכט מיט פריילין מאַלקעס. ניט דערפאַר וואָס ער האָט גע־וואָלט מאַכען איהר שווערער דעם עקזאַמען, נאָר פשוט, ווי ער האָט עס אַליין געזאָגט, „צו האָבען הנאָה דורכרעדען זיך וועגען ווי־סענשאַפט".

— מען וועט דיר זיכער פאָרשלאָגען צו פאַרבלייבען ביי דעם

אוניווערזיטעט אין צוריק, — האָבען די קאלעזשאַנקעס״ געזאָגט סאָניאַ׳ן — צו וואָס דאַרפסטו גאָר פאָהרען אַהיים אין דיין שעטדטעל ?

— איך מוז, — איז געווען דער קורצער ענטפער.

— צוליב דעם טאַטען, מיינסטו ? קאָנסט דאָך איהם מאַכען קומען אַהער. ווערסט דאָך האָבען געלט. און וואָס קאָסט שוין אַזוינס דאָס וואוינען אין צוריך ? ניט מעהר ווי ביי אייך אין שטעדטעל.

— איך ווייס. אָבער עס איז ניט דער טאַטע —

— די פאַציענטען ? די ווייבער ? א יאָ ?

סאָניאַ האָט געשמייכעלט און געשוויגען. וואָס איז דאָ צו רעדען ? פאַרלירען צייט ? מען מוז נאָך שטודירען ביאָלאָגיע, מען מוז זיצען די גאַנצע נאַכט. און ווי לאַנג איז שוין אינגאַנצען די העלע זומער נאַכט אין שווייץ ?

— דו שלאָפסט צו ווייניג, טו נאָר אָ קוק ווי דו זעהסט אויס, סאָניאָ !

— איך וועל זיך אויסשלאָפען נאָך די עקזאַמענס, אין צוג, פאָהרענדיג אַהיים. אַ גוטע נאַכט, קאלעזשאנקע.

אין דער נאַכט איז סאָניאַ צוזאַמענגעבראָכען. ארום דריי אין דער פריה, ווען זי האָט זיך געוואָלט אויפהויבען און פאַרלעשען די גאַז־לאָמפּ (אין יענער צייט איז נאָך געווען אין דער שווייץ גאַז אַנשטאָט עלעקטריק), האָט איהר פּלוצים אויסגעוויזען ווי די ווענט מיט דעם פענסטער אין מיטען וואַרפען זיך אַרויף אויף איהר — — —

ווען זי איז געקומען צו זיך, איז זי געלעגען אין איהר בעט און די באַלעבאָסטע, פרוי נעגעל און אַן אומבאַקאַנטער מאַן אין ברילען, זיינען געשטאַנען לעבען איהר. דער מאַן איז געווען אַ דאָקטאָר.

— וואָס איז מיט מיר ? — האָט סאָניא געפרעגט.

— איהר זענט קראַנק פריילין. איהר דאַרפט זיך אויסרוהען, איהר דאַרפט זיך גאָר גוט אויסרוען, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

— וואָס הייסט אויסרוהען ? איבערמאָרגען איז דאָך מיין עק־זאַמען.

דער דאָקטאָר האָט ניט געענטפערט און גענומען שרייבען אַ מעדיצין.

— פאַרוואָס איז מיר אַזוי ביטער אין מויל ? — האָט דאָס מיידעל געזאָגט.

— רעדט ניט, — האָט זיך אָפּגערופען דער מאַן מיט די ברילען.

— ביטער. גיט מיר אַביסעל קאַלט וואַסער.

— דאָס איז אפשר דאָס בלוט, — האָט זיך אָפּגערופען די גוטע באַלעבאָסטע.

— בלוט — וואָס פאַר בלוט ?

דער דאָקטאָר האָט ווייטער געשריבען. פאַר אַ לאַנגער מינוט איז געווען גאַר שטיל אין צימער.

איהר האָט געהאַט אַ בלוט־שטורץ, — האָט ערנסט און מיט אַ געפיהל פון טרויער, אויסגערעדט דער דאָקטאָר — אייערע לונגען זיינען אָנגעגריפען.

— זאָגט מיר דעם אמת, דאָקטאָר, וואָס איז מיט מיר ?

— דערווייל איז צו פריה צו שטעלען אַ דיאַגנאָזיס, אָבער —

— טיביעס ? — האָט אויסגערעדט סאָניא און פאַרזוכט זיך אויפ־צוהויבען.

— אַזוי זעהט עס אויס.

די באַלעבאָסטע האָט געקוקט אויף זיי. זי האָט ניט געוואוסט אַז צווישען די מעדיקער איז די קראַנקהייט טובערקולאָז אָנגערופען מיט דעם נאָמען „טיביעס”, כדי דער קראַנקער זאָל ניט קאָנען פאַרשטעהן וועגען וואָס מען רעדט עס. אָבער אין דעם פאַל האָט די קראַנקע דאָך יאָ פאַרשטאַנען.

באַלד האָט די גאַנצע אידישע קאָלאָניע אין צוריך שוין גע־וואוסט וועגען דעם, ווי ערנסט סאָניא׳ס קראַנקהייט איז געווען. זי איז געווען אַ פאַראורטיילטע. מעהר ווי אַ האַלב יאָהר האָט דער דאָקטאָר איהר ניט געגעבען.

האָט זי געוואוסט פון דעם ? באַשטימט. אָבער ניט געיאָמערט, ניט געקלאָגט, ניט געריסען אויף זיך די האָר ! געבליבען אין איהר צימער מיט אַ בוך אין דער האַנט און ווייטער געלערענט. אַזוי ווי גאָרניט וואָלט פאַסירט. אַזוי ווי זי וואָלט באַלד באַדאַרפט אָפּגעבען איהר עקזאַמען, ווייל די קראַנקע קינדער און ווייבער וואַרטען נאָך אַלץ אויף איהר אין דעם קליינעם שטעדטעל. באַזונדערס די וואָס

האָבען באַדאַרפט קומען אין די ספּעציעלע טעג צווישען פיר און זעקס. זי האָט געוואוסט, אַז דאָס וועט קיינמאָל ניט זיין, קיינמאָל וועט זי שוין קיין עקזאַמען ניט אָפּגעבען, ניט ווערען אַ דאָקטאָר, ניט קאָנען העלפען איהרע פּאַציענטען פאַר וועלכע זי האָט אָפּגעגעבען איהר געזונט און לעבען, נאָך איידער די דאָזיגע פּאַציענטען זיינען קראַנק געוואָרען און אפילו געוואוסט, אַז זיי ווערען ווען עס איז קראַנק. ניט זיי, נאָר דער דאָקטאָר — דער אָרימער דאָקטאָר — איז געבאַך געווען קראַנק, זעהר קראַנק, האָפּנונגסלאָז קראַנק. מיט יעדען טאָג איז „ער״ געוואָרען דינער, זיין הויט דורכזיכטיגער, זיינע בלויע אויגען שענער אין זייער אומענדליכער מעלאַנכאָליע — — —

און זי האָט פאָרט געלערענט, שטודירט, געזוכט, געבעטען מען זאָל איהר געבען נאָך אַ בוך און נאָך און דערצעהלען וואָס דער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט און וואָס ער טראַכט וועגען דער און דער זאַך. צו וואָס האָט זי דאָס באַדאַרפט? קיין געברויך פון דעם האָט זי דאָך ניט געקענט מאַכען . . . און וואָס פאַר אַן אונטערשייד איז געווען פאַר איהר דער האַלב־טויטער, ווען זי וואָלט ניט געוואוסט דאָס און אַנדערעס איבער ביאָלאָגיע אָדער אַנאַטאָמיע. האָט זי אפשר געהאַט אַ האָפנונג געזונט צו ווערען? ניין, ווייל זי האָט זיך אנטזאַגט אפילו צו פאָהרען קיין דאַוואָס — דעם באַקאַנטען אָרט אין דער שווייץ, וואו עס פאַרזאַמלען זיך קראַנקע פון דער גאַנצער וועלט. צו גוט האָט זי געוואוסט איהר צושטאַנד. אין סעפּטעמבער וועט קומען איהר סוף — צו וואָס־זשע דאַוואָס?

און פאָרט געלערענט. און ווייטער שטודירט און ווידער געאַרבייט.

— איך וועל אָנקומען צו גאָט אַ געלערענטע — פלעגט זי זאָגען מיט אַ רוהיג שעהנעם שמייכעל — אָהן אַ דיפּלאָם, דאָס יאָ; אָבער אַן אויסשטודירטע.

אַז זי וועט קומען צו גאָט אַליין, דאָס האָט זי יאָ געוואוסט, כאָטש פאַר אַ „דאָקטאָר״, פאַר אַ פריי־דענקענדען קאָפּ איז עס געווען אַביסעל געוואַגט און אויך אפשר סענטימענטאַל און יעדענפאַלס „אַלט מאָדיש״ צו רעדען פון גאָט און פון קומען צו איהם מיט אַזאַ זיכערהייט, נאָר ווען זי פלעגט עס זאָגען מיט אַ שמייכעל, האָבען אַנדערע

שטילערהייט אָנגעפאַנגען צו וויינען, אַרויסגע׳גנב׳עט זיך פון צימער אין דעם קאָרידאָר און דאָרט געוויינט, בייסענדיג דאָס טאַשענטיכעל, כדי זי דאָרט, ביי זיך, זאָל ניט הערען זאָל ניט וויסען. אָבער זי האָט געוואוסט און אָפּטמאָל געזאָגט פאַר געזעגענען זיך:

— וויינט ניט. דאָקטוירים וויינען ניט.

דאָקטוירים וויינען ניט אָבער זיי קענען אַנדערע מאַכען צו וויינען. מאַנאַטען לאַנג נאָכדעם ווי סאָניאַ איז שוין געווען ביי איהר גאָט, האָבען דאָ אויף דער ערד איהרע „קאָלעגען” און „קאָלעזשאַנקעס” געוויינט, ווען זיי פלעגען זיך דערמאָנען אָן איהר — — —

געשטאָרבען איז זי טאַקע אין סעפּטעמבער, אַזוי ווי דאָס האָט אויך באַדאַרפט זיין נאָך דעם מעדיצינישען בוך, וואָס זי האָט ניט געהאַט קיין צייט צו פאַרענדיגען. מען האָט עס געפונען ליגענדיג אויף איהר קאָלדרע. זי האָט עס געלייענט איידער זי איז איינגעשלאָפען איהר אייביגען שלאָף, דעם זייגערמאַכער׳ס טאָכטער, גאָט׳ס איינזאַם בלימעלע . . .



# דאָקטאָר קוקורעקו

דאָס וואָס איך גײ דאָ דערציילן איז ניט קיין אויסגעטראַכטע זאַך — ס׳איז אַן אמת, וואָס איז געבליבן אין מיין זכרון, כאָטש אַ היפּש ביסל יאָרן זיינען אַוועק און די הויפּט־פּערזאָנען פון דער דאָזיקער געשיכטע זיינען שוין טויט.

* * *

איך בין דעמאָלט געווען ניין אָדער צען יאָר אַלט, ניט מער. געוואוינט האָבן מיר, ד. ה. מיין מאַמע, די לערערקע, מאַדאַם פּערל־מאַן, מיט איר פיר קינדער, אויף דער ניקאָלאַיעווער גאַס אין דעם הויז פון לופּינסקי לעבן בובריק׳ס הויז. איך געדענק שוין ניט ווי אַזוי און פאַרוואָס האָט זיך אין דעם ווינטער פאַיאַווועט אין ביאַליסטאָק דאָקטאָר גלאָס, יונג, שיין, מיט געדיכטע טונקעל בלאָנדע האָר, מיט

עלעגאַנטע פיינע מאַנירען, שיין אָנגעטאָן, האָט ער באַלד געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער שטאָדט. דערצו נאָך אַן אויס־געשטודירטער דאָקטאָר פון מעדיציין — און אַזש פון פאַריז — אַ קלייניקייט! אויף מיר האָט דאָס אַלץ געמאַכט אַ שטאַרקען איינ־דרוק. און אַ חוץ דעם האָט די מאַמע אונז געזאָגט אַז דער „פאַריזער דאָקטאָר" איז אונזער אַ שטיקעל קרוב, אַ שוועסטער־קינד פון אַ מומע אָדער . . . איך וויים דאָס ביז היינט ניט און וועל דאָס שוין קיינמאָל ניט קאָנען אויסגעפינען.

דוכט זיך, אַז דער דאָקטאָר האָט געהאַט אַביסעל געלט אויך. איך דערמאָן זיך, אַז פון צייט צו צייט פלעגט ער אָנקומען צו אונז מיט אַ גרויס קעסטעל שאָקאָלאַד, אַ באָנבאָניערקע, אַ מתנה פאַר אונז — אַ זאַך וואָס האָט זייער זעלטען פאַסירט אויף אונזער גאַס . . .

און באַלד איז אַרויסגעקומען נאָך אַ נייעס: דער עלעגאַנטער דאָקטאָר איז געוואָרען אַ חתן. זיין כלה איז געווען אַ יונג מיידעל פון דער רייכער און גוט־באַקאַנטער משפחה ז—סקי. ווי איך פאַר־שטעה איז דאָס געווען אַ שידוך אויס ליבע. באַזונדערס געטריי איז זי געווען צו איהר חתן, ווי די פאָלגענדע פאַסירונגען האָבען דאָס טרויעריג באַשטעטיגט.

אָבער דערווייל איז געווען פרעהלאַך. מען האָט אָנגעפאַנגען זיך צוצוגרייטען צו דער חתונה. ביי אונז אין הויז איז געוואָרען לעבעדיג. עס פלעגען אָפט קומען געסט, מען האָט געפלוידערט, געלאַכט, גוט פאַרבראַכט. און בעסער און גליקליכער פון אַלעמען האָט, פאַר־שטייט זיך, געפילט דער חתן.

איינמאָל, ווען דער טיש איז שוין געווען אָנגעגרייט צום עסען און מיר האָבען געוואַרט אויף אונזער גאַסט, דעם דאָקטאָר גלאַס, האָט פאַסירט עפּעס אַ מאָדנע זאַך. די טיר האָט זיך געעפענט, דער גאַסט איז האַסטיג אַריין אין צימער, צוגערופען מיין מאַמע אין אַ זייט און איהר געזאָגט אין אַ בייזער, צורייצטער שטימע:

— פאַרוואָס שטעקט מיר אייער דינסטמיידעל אַרויס די צונג הינטער מיין רוקען? ס'איז ניט שיין פון איהר. זאָגט איהר, איך בעט אייך, זי זאָל דאָס מעהר ניט טאָן.

מיין מאַמע איז געבליבען אַ פאַרוואונדערטע.

— וואָס הייסט זי שטעקט אַרויס די צונג? איך קען דאָס ניט פאַרשטעהן!

— זי האָט דאָס נעכטען געטאָן, בשעת זי האָט מיר געהאָלפען אויסציהען מיין אויבערראָק און האָט דאָס נאָר וואָס ווידער אַמאָל געטאָן, — האָט געענטפערט דאָקטאָר גלאָס.

— מסתמא אַ שפּאַס — איך ווייס, — האָט פאַרזוכט איהם צו באַרוהיגען די מאַמע.

— אַ שלעכטער און ניט פּאַסיגער שפּאַס, — האָט ער זיך אָפּגערופען.

די דינסט האָט געבראַכט די סוף, נאָכדעם דאָס פלייש, די טעלער... עטליכע מאָל איז זי אַריין און אַרויס פון דער שטוב און מיט קיין איינציגע באַוועגונג ניט, מיט אַ שמייכעל אָדער אַ זייטיגען בליק, האָט זי ניט געמאַכט צו פאַרשטעהן אָדער צו פאַרדעכטיגען, אַז זי האָט עפּעס צו טאָן מיט דעם גאַסט. עס האָט אַזוי אויסגעזעהן, אַז אָט איז ער דער גאַסט, דער פיינער פרעמדער הער דאָקטאָר פון פּאַריז, און זי איז חנה, די רוהיגע, באַשיידענע דינסט, וואָס זי איז דאָס טאָקע געווען די גאַנצע יאָהרען וואָס זי האָט פאַרבראַכט אין אונזער הויז. אויך דער גאַסט האָט זיך געהאַלטען אַזוי ווי ניט ער האָט דאָס נאָר וואָס זיך געבייזערט אויף אונזער חנה. אַ געבילדעטער גוט דער־צויגענער מענש, דאָס זעהט מען באַלד — — — ער האָט געשפּאַסט, געלאַכט, עפּעס דערצעהלט אין פראַנצויזיש וואָס איך האָב ניט גע־קאָנט פאַרשטעהן (מיין מאַמע האָט יאָ גערעדט פראַנצויזיש).

נאָך דעם מיטאָג, ווען דר. גלאָס איז אַוועק, האָט די מאַמע גע־נומען אויסרעדען חנה׳ן פאַר איהר פרעכהייט. וואָס הייסט אַרויס־שטעקען אַ צונג הינטער דעם רוקען? פּאַסט עס פאַר אַ יונג מיידעל? ווער טהוט אַזעלכע זאַכען? צו וואָס? אַזוינס האָט זי פון חנה׳ן ניט דערוואַרטעט.

דאָס מיידעל האָט זיך ביטער צעוויינט. זי ווייס פון קיין זאַך ניט, האָט זי באַהויפּטעט. עס איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך, ניט גע־שטויגען ניט געפלויגען. זאָל דער דאָקטאָר זאָגען דאָס איהר אין פּנים! ער וועט ניט וואַגען דאָס צו טאָן.

— אָבער צו וואָס זאָל אַזאַ מענש ווי דר. גלאָס איז אויסטראַכ־טען דאָס?

— איך ווייס ניט. ס׳איז אַ ליגען. און אויב איך האָב דאָס גע־טאָן הינטער זיין רוקען — טאָ ווי־זשע האָט ער געקענט זעהן?

— זעהסטו דאָך!

— זעה איך גאָרניט. אַ ליגען!

אַ פּאָר טעג איז געווען שטיל און די מאָדנע געשעהעניש איז שוין כמעט געווען ווי פאַרגעסען. אָבער דאָ איז פאָרגעקומען עפּעס אַנדערש.

שפּעט אין אָוונט האָט זיך געעפענט די טיר און דאָקטאָר גלאָס איז האַסטיג אַריינגעקומען אין צימער. ער איז געווען אויפגערעגט, נערוועז.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט די מאַמע איהם אַ פרעג געטאָן.

— געהט אַוועק פון׳ם פענסטער — האָט ער קאָמאַנדירט: לאָזט אַרונטער דעם פאָרהאַנג. הערט אונז אימיצער?

— ווער זאָל הערען? מיר זיינען אַליין.

— גוט. באַהאַלט די ביכער מען זאָל זיי ניט קענען געפינען. ס׳איז וויכטיג.

ער האָט אַרויסגענומען פון אונטער דער פאָלע אַ פּאָר ביכער און איבערגעגעבען דער מאַמען.

— וואָס זיינען דאָס פאַר אַ ביכער?

— פרעגט ניט און געהט מיר נאָך, מען שפּיאָנירט מיך. אויב מען געפינט די ביכער ביי מיר וועט זיין שלעכט. שטעהט אימיצער אונטער דעם פענסטער?

מען האָט מיך אַרויסגעשיקט אויסגעפינען אויב אימיצער דרעהט זיך אַרום דעם הויז. איך האָב קיינעם ניט געזעהן, אַלץ איז געווען שטיל.

דאָקטאָר גלאָס איז אַוועקגעגאַנגען. די מאַמע האָט באַהאַלטען די ביכער אויף דעם בוידעם. וואָס פאַר אַ ביכער דאָס זיינען געווען, האָט זי ניט געקאָנט וויסען ווייל זיי זיינען געווען איבערגעבונדען מיט אַ שטריקעל. אַוודאי „פּאָליטישע״ ביכער, פאַרבאָטען פון דער צענזור

— וואָס־זשע אַנדערש האָט דאָס געקאָנט זיין?

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט די מאַמע אָנגעפאַנגען צו רעדן וועגן די ביכער.

— אַלץ איז אין אָרדענונג . . . גאָרניט, גאָרניט, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט אַביסעל אין פאַרלעגענהייט און באַלד גענומען רעדן פון עפּעס אַנדערש. נו, פאַרשטעהט זיך, מענשען וואָס באַשעפטיגען זיך מיט „פּאָליטיק” רעדן ניט אַ סך.

עס איז געווען אַ רוהיגער געמיטליכער אָוונט. איך בין געזעסען אין מיין קליין צימערעל, געלייענט דעם ראָמאַן פון זשול ווערן און מיט איין אויער זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס דער פאַריזער דאָקטאָר דערצעהלט מיין מאַמען. אין מיטען פון זיין דערצעהלונג איז ער געבליבען שטיל.

— נו און וואָס ווייטער ? — האָט די מאַמע אַ פרעג געטאָן.

אַ פּאוזע. דער דאָקטאָר שווייגט. די מאַמע וואַרט. איך הויב אויף מיין קאָפּ פון בוך.

—איך פאַרשטעה דאָס ניט — הער איך דעם דאָקטאָר'ס שטימע — איך זיץ ביי אייך אין שטוב, איך בין אייער גאַסט און איר שטעקט מיר אויס די צונג. איר מיינט, אַז איך זעה דאָס ניט ? איך זעה גאַנץ גוט וואָס ס'טוט זיך הינטער מיין רוקען . . .

— באַרוהיגט זיך, — האָט די מאַמע געזאָגט — איר זענט צו נערוועז.

אָבער איר שטימע האָט געציטערט און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי אַליין נויטיגט זיך באַרוהיגט צו זיין.

— ניין, ניין, איך בלייב ניט דאָ — האָט פּראָטעסטירט דער גאַסט, זיך אויפגעהויבען און פאַרשוואונדען.

דאָס ערשטע וואָס די מאַמע האָט געטאָן איז געווען אַרויפצוגעהן אויף דעם בוידעם און נאָכקוקען די ביכער — די „געפערליכע פּאָליטישע” ביכער, וואָס דר. גלאָס האָט איר געגעבען צו באַהאַלטען. זי האָט אויפגעבונדען דאָס שטריקעל און זיך איבערצייגט, אַז די ביכער זיינען געווען גאָר ניט קיין פאַרבאָטענע. דער פּאָליציי־מייסטער אַליין האָט זיי געקאָנט רוהיג לייענען.

אויף מאָרגען פריה איז די מאַמע אַוועק צו דער כלה'ס משפּחה.

— דער חתן איז קראַנק, — האָט זי געזאָגט: ער איז ניט נאָר־מאָל, אַראָפּ פון זינען. שטעלט אָפּ די חתונה.

עס האָט אויסגעבראָכען אַ סקאַנדאַל. די משפחה ז. האָט שוין אויך באַמערקט, אַז עפּעס איז ניט ריכטיג אין דעם ווי דער דאָקטאָר באַנעהמט זיך. אויך דאָרט האָט ער באַשולדיגט די דינסט, אַז זי שטעקט אים אַרויס אַ צונג און געוואָלט זי שטעכען מיט אַ שטעק־נאָדעל. אָבער די כלה האָט ניט געוואָלט הערען פון קיין זאַך. זי האָט אים ליב. נאָך דער חתונה וועט זיין „נערוועזקייט" פאַר־שווינדען. זייביידע וועלען זיין גליקליך א. אַז. וו.

פאַרשטעהט זיך אַז אַ חוץ דער משפחה האָט קיינער גאָרניט גע־וואוסט. אויך דער דאָקטאָר אַליין האָט ניט געוואוסט וואָס מען רעדט וועגען אים. אָבער באַלד האָבען אויך אַנדערע דערזעהן, אַז עפּעס איז ניט גאַנץ ווי עס דאַרף זיין מיט דעם געבילדעטען, עלעגאַנטען חתן. אָבער וואָס מעהר מען האָט גערעדט צו דער כלה, אַלץ שטאַרקער האָט זי זיך געהאַלטען. ניין, זי וועט אים ניט אויפגעבען, זי וועט חתונה האָבען מיט דעם מאַן וואָס זי האָט ליב — מען קען אויסטראַכטען אויף אים וואָס מען וויל . . .

און מען האָט טאַקע געשטעלט די חופּה — אין שרעק און אין מורא, מיט דערוואַרטונג, אַז אָט־אָט קאָן יעדע מינוט עפּעס פּאָרקומען — אָבער פּאָרט געשטעלט. צוויי וואָכען שפּעטער איז דאָקטאָר גלאָס פאַרשוואונדען פון ביאַליסטאָק. מען האָט אים אַוועקגעפיהרט קיין וואַרשע זיך קורירען. פון דאָרט ווייטער — וואוהין, וועל איך שפּעטער דערצעהלען.

אָבער זיין ווייב, די יונגע אומגליקליכע פרוי איז געבליבען אין ביאַליסטאָק. און באַלד האָבען מיר זיך דערוואוסט פון נאָך אַ נייעס: זי געהט ווערען אַ מאַמע.

איין יאָהר איז פאַרגאַנגען, צוויי, פיר, אַכט . . .

יעדער איינער אין אונזער שטאָט האָט געקאָנט זעהן פרוי דאָקטאָר גלאָס אָנגעטאָן אין שוואַרצען, געהענדיג שפּאַצירען מיט איהר קליינער טעכטערעל, אַ דאַרע, אַ שווייגענדע, פלעגט זי אַרומגעהן לעבען דעם „סטאַוו", ניט קוקענדיג אויף קיינעם, ניט רעדענדיג, ניט באַגריסען קיינעם. איך בין געוועזן פריינטלאַך מיט איהר משפחה, אָבער קיינמאָל

האָב איך ניט געהאַט די געלעגנהייט צו זעהן אָדער צו רעדען צו איהר.

ווי אַ לעבעדיגע מצבה, ווי אַ סטאַטוע האָט זי אויסגעזעהן — שטענדיג אַליין, שטענדיג מיט איהרע געדאַנקען, שטענדיג מיט „איהם", וועלכער איז געווען ווייט פאַרלאָזען, איזאָלירט, אָבער ניט טויט — ניט אינגאַנצען טויט.

פלוצים האָט מען אָנגעפאַנגען צו רעדען, אַז זי וויל האָבען אַ גט פון איהר מאַן . . . אַז אימיצער שדכנ'ט זיך צו איהר. איין מאָל אָדער צוויי האָב איך טאַקע געזעהן אַ יונגען מאַן וואָס האָט זי באַגלייט אויף איהר שפּאַציר לעבען דעם „סטאַוו". אַ גט? ווי אַזוי? דער מאַן לעבט דאָך . . . זי האָט געמאַכט עטליכע פאַרזוכען און דערפון איז גאָרניט אַרויסגעקומען. דער יונגערמאַן איז פאַרשוואונדען. איהרע האָר זיינען געוואָרען גרוי. דאָס טעכטערעל'ס האָר זיינען איצט געווען טונקעל העל, אַזוי ווי דעם טאַטענ'ס.

איך האָב פאַרענדיגט די רעאַל שוהל („רעאַלנאָיע אוטשילישטשע") און באַקומען אַן איינלאַדונג פון אונזער קרוב, אַ שטיקעל אָנקל אין קאָוונע צו פאַרברייינגען דאָרט דעם זומער. ווי שעהן דערמאָלט איז געווען קאָוונע! די הונדערט־יאָהריגע ליפּעס אויף דעם „נאָווי פּלאַן" — די הויפּט־גאַס האָבען געשמעקט אַזוי, אַז דער קאָפּ פלעגט אָנהויבען שווינדלען פון דעם זיסען אַראָמאַט . . . די זאַרגלאָזע, העלע, יונגע זומער־טעג זיינען שטיל געשוואומען איבער דער שטאָדט, איבער מיינע חלומות . . .

— מאָרגען פאָהרען מיר קיין „פּאָטשטאָוואַי", — האָט מיין שטיקעל אָנקעל געזאָגט.

— וואו איז פּאָטשטאָוואַי?

— ניט ווייט, אַ שעה צו פאָהרען. עס איז אַ קליין דערפעל אויף דעם ברעג פון ניעמאַן. מיר וועלען באַזוכען דאָרט דאָקטאָר גלאָס.

— וואָס? ווער?

— דאָקטאָר גלאָס — יאָ, טאַקע אים, דעמזעלבען, — האָט מיין אָנקעל געזאָגט מיט טרויער אין זיין שטימע.

— וואָס טהוט ער דאָרט?

— וואָס זאָל ער טאָן? — האָט זיך אָפּגערופען דער אָנקעל — קראַנק איז ער.

מער האָט ער ניט געוואָלט רעדען: צו טרויעריג, צו טראַגיש איז געווען די טעמע, אָבער פֿון אַנדערע האָב איך זיך דערוואוסט וועגען מעהר איינצעלהייטען.

דר. גלאָס לעבט אין דעם דערפֿעל שוין עטליכע יאָהר. די דאָקטוירים האָבען דערקלעהרט, אַז ער וועט זיך קיינמאָל ניט אויסקורירען און אַז האַלטען איהם אין אַ ספּעציעלער קראַנקען־הויז האָט קיין זין ניט. ער איז ניט געפֿערלאַך, ער וועט קיינעם ניט טשעפּען, ער קאָן אַרומגעהן צווישען מענשען און זיין פֿריי ווי וויט עס איז נאָר מעגליך. דערפֿאַר האָבען אים זיינע קרובים און פֿריינט אַוועקגעפֿיהרט קיין פּאַטשטשאָוואָי, וואו קיינער קען איהם ניט. ער וואוינט ביי אַ פּויער אַזוי ווי אַ קוואַרטיראַנט, מען צאָהלט פֿאַר איהם, ניט קיין סך, אָבער גענוג כדי ער זאָל ניט פֿיהלען קיין נויט. וואָס טהוט דער עלעגאַנטער, הויך־אינטעליגענטער עסטעט אין דעם קליינעם פּאַרוואָרפֿען ליטווישען דערפֿעל צווישען פּויערים? גאָרניט. ער שטעהט אויף, טהוט זיך אָן אַזוי ווי אָט מוז ער אַוועקגעהן אין אַ טייערע קאַפֿע אין פּאַריז, נעהמט זיין שטעקען און געהט שפּאַצירען. די מענשען האָבען זיך שוין צוגעוואוינט צו איהם. מען זאָגט איהם „גוט מאָרגען, הער דאָקטאָר!" — ניט חלילה צו טרייבען אַ וויץ, נאָר טאַקע גאַנץ ערנסט. העפֿליך און פֿריינטליך נעהמט ער אַרונטער זיין קאַפּעליוש און ענטפֿערט אויף פֿראַנצויזיש:

— באָנזשור, מאָנסיער! (אַ גוטען מאָרגען, מיין הער).

און ער געהט ווייטער. אַ שטיקעל קולטור וואָס איז אַראָפּ פֿון זינען צווישען פֿעלדער און גענז, וואָס לעבען זייער איינפֿאַך, אַ טיף קלוגען לעבען . . .

עס טרעפֿט, אַז די פּויערים קומען צו איהם פֿאַר אַ רפואה פֿון אַ קרענק. פֿאָרט אַ דאָקטאָר און אַ פּאַריזער, און אַ מעלה וואָס ער איז ניט אינגאַנצען . . . אפֿשר ווייסט ער פֿאָרט ווי מען קורירט זיך אויס פֿון שמערץ אין רוקען אָדער פֿון אַ הוסט? אָי, ער ווייסט טאַקע! ער נעהמט אַ פּען און שרייבט אַ רעצעפּט. דער אַפּטייקער פֿון דער נאָענטסטער שטאָדט קוקט עס דורך און דערקלעהרט, אַז דער רעצעפּט איז אַ ריכטיגער, אָבער געברויכען קען מען עס ניט, ווייל ס׳איז אונטערגעשריבען: דאָקטאָר קו־קו־רעקו.

אָרימער דאָקטאָר קו־קו־רעקו! איך האָב איהם געזעהן ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין פּאָטשטאָוואַי. אמת, נאָר פון וייטען, ווייל דער אָנקעל האָט ניט געוואָלט, אַז איך זאָל קומען נעענטער און אפשר איז ער אויך געווען גערעכט, ווייל דער איינדרוק וואָס דער קראַנקער האָט אויף מיר געמאַכט, איז געווען אַ גוואַלדיגער — — — אָט איז ער — דער גאַסט, וואָס האָט באַזוכט מיין יוגענט און איז פּאַרבליבען אין מיין זכרון אויף אייביג — די טראַגישע לעגענדע, דער מאַרטירער אָהן שולד — — ער איז געוואָרען דיק, ווי דאָס טרעפט זיך אָפּט ביי די גייסטיק־קראַנקע, זיינע האָר זיינען אויסגעפאַלען, געוואָרען גרוילאַך, זיינע אויגען קוקען און זעהען ניט, זיין מויל לאָזט אַרויס ווערטער, אָבער ס׳רעדט ניט. האָט ער דערקאָנט מיין אָנקעל? איך קאָן דאָס ניט זאָגען. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו נעהמען דעם קליינעם פּעקעל פּיש, אָפּגעבאַקענע חלה, אַביסעל געקעכטס, קיכלאַך. יעדען פריייטאָג האָט ער פון אָנקעל באַקומען אַזאַ פּעקעל און שוין געוואַרט אויף דעם אַזוי ווי אַ חיה וואַרט אויף זיין עסען. צו אַ באַשטימטער שעה. דאָס פּעקעל האָט געמאַסטען און געוואויגען זיין צייט, די לאַנגע מאָנאַטען און יאָהרען, וואָס האָבען זיך געצויגען דאָ אין פּאָטשטאָוואַי און דאָרט אין ביאַליסטאָק לעבען אונזער סטאוו...

מעהר האָב איך איהם ניט געזען און ניט געהערט פון איהם, אויך ניט פון זיין אומגליקליכער פרוי. מסתמא זיינען זיי שויןביידע טויט.

אָבער זייער טאָכטער האָב איך יאָ געזעהן אין דער צייט, ווען איך בין געווען אַ סטודענט אין פּעטערבורג. זי איז געווען שוין אַ דערוואַקסען מיידעל, אויך אַ סטודענטקע, אַ שעהנע, מיט עלעגאַנטע מאַניערען, שטענדיג געשמאַקפול אָנגעטאָן. איהרע בלויע אויגען זיי־נען געווען שוין צו דורכזיכטיג. מען האָט געהאַט מורא, אַז די שרעק־ליכע קראַנקהייט קאָן אויך זי טרעפען — ווי דאָס טרעפט זיך אָפט, אָבער דאָס איז ניט פּאַרגעקומען — יעדענפאַלס האָב איך גאָרניט געהערט דערפון. זי האָט קיינמאָל ניט גערעדט פון איהר פאָטער און איך, פאַרשטעהט זיך, האָב אויך געשוויגען. דוכט זיך, אַז זי האָט קיינמאָל ניט געזעהן איהר טאַטען, דעם אומגליקליכען דאָקטאָר קו־קורעקו, ווענען דער גרויזאַמער שיקזאַל האָט אַרויסגעשטעקט די צונג הינטער דעם רוקען . . .

# דער פּאַטראָן

. . . און פּלוצים אין אונזער שטילען ביאַליסטאָק — אין דער קרוין פון ליטע — האָט זיך באַוויזען אַ מין נייער טיפּ פון מענשען. ביז אַהער האָט מען זיי ניט געזעהן, ניט געהערט. זיי זיינען געווען יונג, צווישען זיבעצעהן און צוואַנציג, מייגסטענס דאַר, אויסגעטריקענט, אָרים געקליידט, מיט צעריסענע שיך, אָהן אַן איבערציער. מאַנכע פון זיי האָבען געטראָגען ברילען, גאַנץ ביליגע, פאַרשטעהט זיך, און די וואָס האָבען די ברילען נישט געטראָגען, זיינען געווען קורצזיכטיג. מען האָט זיי גערופען „פּאַטראָנען". פאַרוואָס, צוליב וואָס, ווער האָט זיי געגעבען דעם דאָזיגען נאָמען און וואָס אייגענטליך באַדייט דאָס — האָט קיינער ניט געוואוסט, נאָר אַזוי איז שוין געבליבען ביי אונז: פּאַטראָן. דוכט זיך, אַז זיי האָבען אַ לאַנגע צייט אַליין ניט געוואוסט, אַז מען רופט זיי אַזוי, און ווען זיי האָבען זיך שוין יאָ דערוואוסט, האָבען זיי ניט רעאַגירט אויף דעם. פּאַטראָן, זאָל זיין פּאַטראָן, ווע־מען אַרט דאָס?

די דאָזיגע יונגע לייט זיינען געווען ניט קיין ביאַליסטאָקער. זייטיגע זיינען זיי געווען, געקומען צו אונז פון פאַרשידענע שטעדט, מייסטענס אָבער פון ווילנע. פאַרוואָס פּונקט ווילנע? ווייל דאָרט איז דאָך געווען די באַוואוסטע ישיבה, וואו זיי, די פּאַטראָנען, האָבען זיך געלערענט. דאָס הייסט, געלערענט האָבען זיי זיך דאָרט נאָך, ווען זיי זיינען ניט געווען פּאַטראָנען — נאָר פּשוט׳ע ישיבה־בחורים, אַזוי ווי פון דעם טיפּ, ווי די טראַדיציע און אפשר שוין די לעגענדע האָט דאָס געפאָדערט. דאָס הייסט: געווען באַשיידען, פרום, אָרים, האַלב־הונגעריג, געגעסען טעג און געשלונגען די חכמה פון די אַלטע ספרים, אָבער אַרונטערשלינגען די דאָזיגע חכמה אינגאַנצען האָבען זיי ניט געקאָנט אָדער ניט געוואָלט און—פאַרלאָזען די ישיבה, אַוועקגע־לאָפען . . . דאָס זיינען געווען די גייסטיגע רעוואָלוציאָנערען, די „בונטאָווטשיקעס" געגען דער טראַדיציע, די דעזערטירען פון דעם ספר, די יונגוואַרג וואָס האָט אָנגעפאַנגען צו דענקען און צו קלעהרען.

און ניט נאָר פון ווילנע זיינען זיי געקומען און ניט נאָר געווע־זענע ישיבה־בחורים זיינען דאָס געווען. געקומען פון גראָדנע, פון

בריסק, וואַרשע, אַזש פון אָדעס. איך מוז אונטערשטרייכען: טאַקע געקומען און ניט צוגעפאָהרען.

— ווי קומט מען דאָס עפּעס צופוס פון ווילנע? — האָב איך אַ פרעג געטאָן „מיינעם” אַ פּאַטראָן.

— ס'איז ניט שווער — האָט ער מיר דערקלעהרט: — מען לייגט אַריין שטרוי אין די שיך און אין די זאָקען, אויף דעם גוף און באַזונדערס אין פאָרענט אויף דער ברוסט דאַרף מען אונטערלייגען פּאַפּיר, צייטונגס־פּאַפּיר איז זעהר אַ גוטער מיטעל, ווייל עס האַלט די וואַרימקייט. איז פאַרגעסט ניט: שטרוי אין די שיך און פּאַפּיר אונטער די וועש אויף דעם בוזעם, ניט פאַרקעהרט: וועט איהר דאָס געדענקען?

— איך קלייב זיך ניט געהן אין ערגעץ ניט, — האָב איך זיך אָפּגערופען.

— דאָס קאָנט איהר ניט וויסען. איך האָב זיך אויך ניט גע־קליבען, אָבער פּאָרט געגאַנגען און אָנגעקומען און בין צופרידען. איז וואָס וועגען געאָמעטריע? וועט איהר מיר היינט ווייזען אַ נייע טעאָרעמע?

לעוו איז געווען מיין שילער. אַ יעדער פון אונז, די גימנאַזיס־טען פון די העכערע קלאַסען פון דער „רעאַלנע אוטשילישטשע” האָ־בען געהאַט אַזאַ שילער און געלערענט איהם דאָס וואָס מען האָט אונז געלערענט. קיין געלט האָבען מיר, פאַרשטעהט זיך, ניט גענומען פאַר דער לערע — און גיי נעהם ביי אַ פּאַטראָן!... צוליב דעם זיינען זיי טאַקע געקומען אין פראָסט און ווינט מיט צייטונגס־פּאַפּיר אָנשטאָט אַ פוטער אויף דער ברוסט — כדי צו לערנען זיך... צו־ליב דעם זיינען זיי אַנטלאָפען פון דער ישיבה — צו לערנען געאָמעט־ריע, אַלגעברע, קאָנען גוט רעדען און שרייבען רוסיש — קאָנען זיך צופּאַסען צו דער נייער צייט...

דאָס איז געווען אין אָנפאַנג פון דער הערשונג פון דעם יונגען צאַר ניקאָלאַי דעם צווייטען. ער אַליין איז טאַקע געווען יונג און ניט געוואַלדיג פאַסענד צו דעם פּלאַץ וואו דער שיקזאַל האָט איהם געבראַכט, אָבער זיינע מיניסטאָרען זיינען געווען אַלט און דערפאַרען און האָבען ווייטער געטריבען די פּאָליטיק פון ניקאָלאַי'ס פאָטער

אַלעקסאַנדער דעם דריטען — די בלינדע, קליינליכע, נאַריש־קאָנ־
סערוואַטיווע פּאָליטיק פון פאַרפאָלגונג און באַגרעניצקייט. וואָס אַזוינס
האָט שוין געקאָנט דערוואַרטען די אידישע יוגענט אין די געטאָ־
שטעדט און שטעדטלאַך — אין דער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי״? מען
האָט פאָרט געטראַכט, אַז מיט דער הילף פון אויסבילדען זיך, פון
קענען געאָמעטריע, מיט געאָגראַפיע און קאָנען די רוסישע שפּראַך —
וועט מען זיך אפשר צו עפּעס צושלאָגען. און אויב אַזוי איז זיי
געזונט ווילנער ישיבה און לאָמיר זיך לאָזען געהן צו די ביאַליסטאָקער
גימנאַזיסטען, איידער דער פּאַניע רופט צום פּריזיוו . . .

אָבער מיט מיינעם לעוו איז די זאַך געווען אַביסעל אַנדערש.
ניט פון דער ווילנער ישיבה איז ער געווען אַנטלאָפען, נאָר פון דעם
אַלטען אידישען גאָט, וואָס האָט געשוועבט ערגעץ וואו אַרום דער
ישיבה, אין די שמאָלע געסלאַך פון דער אַלטער שטאָדט . . .

— וואָס הייסט ער איז דאָרט? פּונקט דאָרט? — האָט ער
געהאַלטען אין אויספרעגען מיך, קוקענדיג אויף מיר דורך זיינע
גרויסע ברילען־גלעזער — וואָס אַזוינס האָט שוין גאָט געפונען דאָרט
אין דער געטאָ? נו, און וואָס וועגען דער גרויסער ניט־אידישער
וועלט? וואָס איך טראַכט איז, אַז דער גאָט האָט בכלל קיין רעליגיע
ניט. מענשען האָבען אַ רעליגיע — אָבער ניט גאָט.

און אָנווייזענדיג אויף די לעהר־ביכער וואָס איך האָב איהם
געגעבען, האָט ער ווייטער גערעדט:

— אין דער געאָגראַפיע איז אויך דאָ אַ גאָט. אין דער גע־
אָמעטריע און אין אַלגעברע אַוודאי. דאָרט איז איינגעשלאָסען אַן
אמת וועגען ליניען און ציפערען. און וואו ס׳איז דאָ אמת, דאָרט
איז גאָט. לאָמיר געהן ווייטער און לערנען. דערקלעהרט מיר,
איך בעט אייך, וואָס מיינט אָט די טעאָרעמע? ווי אַזוי קען מען זי
באַווייזען?

ער האָט געוואָלט וויסען אַלצדינג, אַרונטערשלינגען אַלע לעהר־
ביכער וואָס זיינען פאַראַן אין ביאַליסטאָק. דעם אמת געזאָגט איז ער
געווען מעהר פלייסיגער ווי איך, זיין לעהרער. איבער נאַכט האָט
ער געלערענט זאַכען וואָס אין דער „אוטשילישטשע״ האָט גענומען
איינשטודירען וואָכען און מאָנאַטען. און איינמאָל אויסגעלערענט איז

עס שוין געזעסען ביי איהם אין קאָפּ פֿעסט. אמת, אַביסעל קרום, אַביסעל פּריקרע, ניט אַזוי ווי מען האָט אונז דערקלעהרט. ער האָט געהאַט זיין אייגענע מעטאָדע, זיין אייגענעם צוגאַנג צו דער וויסנ־שאַפֿט. עס איז געווען ביי איהם ניט אַזוי אויסצולערנען וויפיל אינזלען ס׳זיינען דאָ אין דעם שטילען אָקעאַן, נאָר וואָס שטעקט הינטער דעם? וואָס שטעקט הינטער פּיזיקע, געאָמעטריע. עפּעס מוז דאָך שטעקען — ווייל אַניט וואָס דאַרף מען דאָס איינגאַנצען?

— מען דאַרף דאָס וויסען און מען לערענט דאָס כדי צו זיין גע־בילדעט, כדי קאָנען צו בויען, צו לייגען וועגען, צו אָנשטעלען פֿאַב־ריקען, כדי אָנצוגיין מיט דעם לעבען.

— ניין ניין — האָט ער מיר געענטפֿערט — צוליב דעם אַליין וואָלט מען דאָך ניט באַדאַרפֿט אָנשרייבען און דרוקען אַזוי פיל ביכער. עס קאָסט דאָך געלט אַן אַ סך געלט . . .

דעמאָלט האָב איך ניט פֿאַרשטאַנען, שפּעטער איז מיר געוואָרען קלאָר . . . מיין פּאַטראָן האָט געהאַפּט אויסצוגעפינען הינטער די אַלע ביכער דעם ליבען גאָט פֿון דער וועלט — עפּעס אַן אַנדערען גאָט, די אורשפּרינגליכע קראַפֿט וואָס באַהאַלט זיך פֿון איהם, דעם ישיבה בחור. ווי ער האָט זיך דאָס אַלץ פֿאַרגעשטעלט אין זיין אַביסעל צע־טומעלטען קאָפּ איז געווען ניט קלאָר. ער אַליין האָט עס שוואַך געקאָנט באַגרייפֿען. אַ מאָדנער אינסטינקט, אַ הונגעריגער פייער האָט געטריבען, געיאָגט, געפּרעסט זיין נשמה.

ניט לעהר־ביכער האָבען איהם אינטערעסירט. אַזוי ווי זיין רו־סיש איז געווען ווייט פֿון זיין פּערפֿעקט, האָב איך געפּרוואווט צו געבען לייען־ביכער; באַקאָנט געמאַכט מיט פּושקין, מיט טאָלסטאָי. פֿון אָנפֿאַנג איז דאָס נאָך געגאַנגען — אָבער ניט מעהר ווי אויף אַ קורצער צייט. באַלד איז ער געקומען צו מיר מיט פּרעטענזיעס:

— עס איז דאָך אַלץ אויסגעטראַכט! ווער רעדט דאָס אין גראַמען? ווער דאַרף דאָס האָבען? וואָס איז הינטער דעם? — גאָרנישט.

הינטער דעם . . . דאָס איז דאָך געווען די הויפּטזאַך!

איך בין דעמאָלט געווען צו יונג, אַ סך יונגער פֿון איהם, כדי צו קאָנען דערקלעהרען איהם, אַז „הינטער״ פּושקין און טאָלסטאָי —

הינטער און אין דער ליטעראַטור און קונסט בכלל איז באַהאַלטען דער זעלבער אמת, וואָס האָט אַזוי שטאַרק אַפּעלירט צו זיין אויסגע־הונגערטער נשמה.

אָבער איין זאַך איז מיר פּאָרט געווען גאַנץ קלאָר און דאָס האָב איך איהם טאַקע ווידער און ווידער אַמאָל געזאָגט:

— איהר דאַרפט פאַרבעסערען אייער רוסיש. איהר מאַכט פע־לערען, ווען איהר רעדט און מיט אייער שרייבען איז עס נאָך ערגער. און אויב איהר ווילט אויסהאַלטען דעם עקזאַמען — איז דאָס די ערשטע זאַך: די רוסישע שפּראַך.

דאָס איז געווען זיין ציל, איך מיין דער אויסערליכער פּראַקטישער ציל. אָפּגעבען דעם עקזאַמען פאַר פיר קלאַסען פון דער אוטשי־לישטשע, האַלטען אַן „עקסטערן־עקזאַמען", ווי מען האָט דאָס דעמאָלט גערופען. ווען אויסגעהאַלטען אַזאַ עקזאַמען, קאָן מען שוין זיך צו עפּעס דערשלאָגען: מען קען ווערען אַ פּאַרמאַצעפּט אין אַן אַפּטייק, ווען ווייטער שטודירען קען מען — — מאַלע וואָס מען האָט געקאָנט אויפטאָן ווען מען איז שוין איבערגעשפּרונגען אויף דער אַנדערער זייט.

. . . נאָר אַריבערצושפּרינגען, נאָך מיט מזל אָפּגעבען דעם עקזאַ־מען! נאָר איבערקומען!

— איך האָב קיין מורא ניט, — פלעגט לעוו זאָגען צו מיר — דורכפאַלען וועל איך ניט. איך בין גוט צוגעגרייט, ניט ערגער ווי אַן אַנדערער.

אָבער געזאָגט האָט ער דאָס אָהן זיכערקייט, אַזוי ווי אַ מענש, וואָס וויל זיך אַליין איינרעדען.

וואו ער האָט געוואוינט, וואָס ער האָט געטאָן דעם גאַנצען טאָג, אַ חוץ וואָס ער האָט שטודירט און מיט וואָס ער פאַרדינט דאָס ביסעל געלט צו קאָנען לעבען, האָב איך ניט געוואוסט. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער האָט געאַרבעט אין אַ דרוקערײ, געווען אַ קונ־ציגער ליטאָגראַף. ער האָט געקאָנט ווערען באמת אַן אויסגעצייכענ־טער ליטאָגראַף, געהאַט אַן איינגעבוירענעם טאַלאַנט צו דעם. אַזוי האָט מיר דערקלערט דער באַלעבאָס פון דער דרוקערײ.

— איך האָב דאָך איהם עטליכע מאָל פאָרגעשלאָגען בלייבען ביי

מיר אין געשעפט. צו וואָס האָט ער באַדאַרפט געאָגראַפיע מיט פיזיקע?

צוויי חדשים פאַר דעם עקזאַמען האָט מיין פּאַטראָן זיך אָנגענומען צו שטודירען מיט דאָפּעלטע כוחות און דאָס האָט געמיינט, אַז ער איז געוואָרען דאָפּעלט אַזוי מאָגער . . . זיינע קורצזיכטיגע אויגען זיינען געוואָרען גרעסער, און זיי האָבען זשעדנע און דערשראָקען גע־קוקט אויף דער וועלט: וואָס וועט די וועלט איהם צושיקען?

אַ טאָג פאַר דעם עקזאַמען האָב איך איהם געזעהן. מיין מיינונג איז געווען, אַז ער קאָן לייכט דורכמאַכען דעם עקזאַמען. אפילו זיין רוסיש האָט זיך פאַרבעסערט. איך האָב איהם דאָס געזאָגט און ער איז געווען זייער צופרידען.

— איהר דענקט טאָקע אַזוי? נו, איז דאָך אוודאי גוט . . . איך דאַנק אייך.

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט. זי איז געווען הייס און טרוקען.

— איהר פיהלט זיך ניט גוט? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

אי? ניין. פאַרוואָס מיינט איהר אַזוי? איך האָב נאָר ווייניג געשלאָפען. איך בין מיד . . . זייער מיד! נו, מען דאַרף שוין גיין, ס'איז שפּעט.

אויף מאָרגען נאָך מיטאָג איז ער געקומען צו מיר. קוים וואָס איך האָב איהם דערקאַנט. ער איז געוואָרען מאָגערער אין די פאַר שעה, ער האָט זיך געטרייסעלט ווי אַ בלאַט אויף אַ בוים. זיינע אויגען האָבען געקוקט און, דוכט זיך, ווייניג געזעהן.

— וואָס איז מיט אייך, לעווו? — האָב איך איהם געפרעגט אַ דערשראָקענער.

— אַזוי ווי איהר האָט געזאָגט, — האָט ער געענטפערט: — רוסיש, די רוסישע „סאָטשינעניע" (שרייבען) . . . דאָ האָבען זיי מיך געכאַפּט!

— וואָס הייסט געכאַפּט? איהר — — ?

— איך בין דורכגעפאַלען. מען האָט מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף שוין מעהר ניט קומען . . . דורכגעפאַלען — — אויס — אויס

אַלצדינג — — אַ שאָד אייער האַרעוואַניע, אַרויסגעוואָרפען איז עס ווי, ווי — —

— נעהמט זיך ניט צום האַרצען, —האָב איך געפּרואווט איהם צו טרייסטען. — איך בין זיכער, אַז איבער אַ יאָהר וועט איהר דורכגיין דעם עקזאַמען.

— מעגליך, זעהר מעגליך — — אַ יאָהר איז אַ סך צייט. און אַ גאַנץ יאָהר הייסט עס וועל איך אַרומגיין אַזוי, אָהן צו האָבען עפּעס אין האַנט? אָהן צו וויסען? אָהן צו קענען רוהיג טראַכטען — — טראַכטען? צו וויסען וואָס?

— איהר האָט דערלעבט ביז אַצינד — וועט איהר קאָנען לעבען אויך ווייטער. עפּעס וועט איהר דאָך קאָנען פאַרדינען ווייטער.

— ווער רעדט פון פאַרדינען? דאָס איז גאָרניט, פאַרשטעהט איהר דען ניט? זיי לאָזען מיך ניט צום וויסען, צום אויסגעפינען וואָס ס׳שטעקט הינטער דעם אַלעמען . . . זיי אַליין ווייסען אפשר — אָבער מיך לאָזען זיי ניט צו. ס׳איז ווי זיי וואָלטען צוגעמאַכט אַ טיר פאַר מיין נאָז און זאָגען: גיי צוריק, מיר דאַרפען דיך ניט דאָ. אָבער וואוהין זאָל איך צוריק געהן? איך האָב ניט וואוהין. גיט מיר אַ גלאָז וואַסער, איך בעט אייך.

ער האָט געטרונקען זשעדנע, זיך צעהוסט און ווייטער גערעדט:

— ווילנע איז פאַר מיר אָפּגעשניטען. איך קאָן ניט צוריק גיין... איך וויל ניט. איך האָב זיי דאָרט געזאָגט אין דער ישיבה, איידער איך בין אַוועק . . . לייגט מיך אַריין אין חרם. טהוט מיט מיר דאָס זעלבע, וואָס איהר האָט געמאַכט מיט אוריאל אַקאָסטא, מיט שפּינאָזאַ. האָבען זיי זיך צעלאַכט.

איך האָב געקוקט אויף איהם, געוואונדערט זיך. שוין ניט אַן „עקסטערניק״, אַ יונגערמאַן וואָס וויל אַרויס פון זיין אומגעבונג, האָב איך דערזעהן פאַר מיינע אויגען, נאָר אַ זוכער פון אמת, אַ מאַרטירער פאַר גאָט, אַ גייסט וואָס איז אומקלאָר פאַר איהם. דורכצומאַכען דעם „עקסטערן־עקזאַמען״ איז פאַר איהם געווען ניט מעהר ווי אַ מיטעל צו באַפרייען זיך פון זיין „ווילנע״, זיין גייסטיגע ווילנע וואָס איז געזעסען אין איהם נאָך צו שטאַרק — שטאַרקער ווי ער האָט אַליין געוואוסט . . . און אַ גאַנץ יאָהר וועט ער אַצינד דאַרפען אַרומ־

געהן מיט זיין אַלטען גאָט, פון וועלכען ער איז שוין האַלב אַנטלאָפען. ניט מעהר ווי האַלב. דאָס איז דאָך געוועזן זיין מאַטערניש — אַ מאַטערניש פון אַ שוואַכען גייסט וואָס וויל ווערען אַ מאַרטירער און קאָן עס ניט.

מעהר האָב איך איהם ניט געזעהן, ווייל אין דער זעלבער נאַכט האָט ער זיך אויפגעהאַנגען. צוליב דעם וואָס ער איז ניט דורכגע־גאַנגען דעם עקזאַמען — האָט מען גערעדט אין אונזער שטאָדט . . . ניין, צוליב דעם וואָס ער האָט געוואָלט טיפער דענקען, טיפער גלויבען, טיפער און שאַרפער זעהן די וועלט מיט זיינע הונגעריגע, קורצזיכ־טיגע אויגען . . .

## אָסיפ דימאָוו'ס דראַמאַטישע ווערק און די פּלעצער וואו זיי האָבן געהאַט זייערע פּרעמיערעס



„שטימע פון בלוט" — דראַמע: מאַלי טעאַטער, פּעטערבורג

„קין" — דראַמע: פּערעדוויזשנאַי טעאַטער, פּעטערבורג

„שמע ישראל" — דראַמע: טעאַטער פּאַסאַזש, פּעטערבורג

„אייביקער וואַנדערער" — דראַמע: פּאַנאַיעווסקי טעאַטער, פּעטערבורג

„פרילינג־וואַנזין" — דראַמע: קאָמיסאַרזשעווסקי טעאַטער, פּעטער־בורג

„פּליכט" — דראַמע: וואַסילעי־אָסטראָווסקי טעאַטער, פּעטערבורג

„ניו" — דראַמע: ריינהאַרדטס קאַמערשפּילע, בערלין

„אַלט ווייבער זומער" — דראַמע: קליינעס טעאַטער, בערלין
„וועגן פון ליבע" — דראַמע: ריינמאַן טעאַטער, וויען

„דער שטאָט־גייסט" — דראַמע: נעשאַנאַל טעאַטער, ניו־יאָרק

„שקלאַפן פון פאָלק" — קאָמעדיע: גרענד סטריט טעאַטער, ניו־יאָרק

„גאָט און זיין משפט איז גערעכט" — קאָמעדיע: שילדקרויט טעאַטער, ניו־יאָרק

„ירושלים" — היסטאָרישע דראַמע: סעקאָנד עוועניו, טעאַטער, ניו־יאָרק

„זינגער פון זיין טרויער" (יאָשקע מוזיקאַנט, געדונגענער חתן) — טראַגיקאָמעדיע: נעשאַנאַל טעאַטער, ניו־יאָרק

„ניין און ניינציק רבנים" — דראַמע: אורוויִנג פּלעיס טעאַטער, ניו־יאָרק

„בראָנקס עקספּרעס" — קאָמעדיע: שילדקרויט טעאַטער, ניו־יאָרק

„בודניקעס" — קאָמעדיע: מעדיסאָן סקוועער טעאַטער, ניו־יאָרק

„די לעצטע געליבטע״ — דראַמע: שילדקרויט טעאַטער, ניו־יאָרק

„מענטשן־שטויב״ — דראַמע: אידישער קונסט טעאַטער, ניו־יאָרק

„דעינזשער״ — דראַמע: אוירווינג פּלעיס טעאַטער, ניו־יאָרק

„טראַגעדיע פון מיין פאָלק״ — דראַמע: אידישער קונסט־טעאַטער, ניו־יאָרק

„שאַטנס איבער האַרלעם״ — קאָמעדיע מיט מוזיק: סעקאָנד עוועניו טעאַטער, ניו־יאָרק

„די כלה לויפט״ — מוזיקאַלישע קאָמעדיע: סעקאָנד עוועניו טעאַטער, ניו־יאָרק

„פּראָפעסאָר פון דער איסט סאַיד״ — דראַמע: אַרטעף טעאַטער, ניו־יאָרק

„היינריך היינע״ — ראַדיאָ־קאָמעדיע: WEVD — ניו־יאָרק

# אינהאַלט